יצחק טורקאָוו־גרודבערג

# געווען א יידיש טעאטער...

## (דאָס יידישע טעאַטער אין פוילן
## צווישןביידע וועלט־מלחמות)

דפוס „אורלי"
תשכ"ח, תל־אביב, 1968

**ITZHAK TURKOW-GRUDBERG**

**The Jewish Theatre in Poland between the two World Wars**

יצחק טורקוב־גרודברג

היה תיאטרון יידי...

(התיאטרון היידי בפולין בין שתי המלחמות)



By Isaak Turkov,
Reb Dow Mimezritch Str., Jaffa
Blok 13, kn. B, d. 6
Tel-Aviv-Jaffa, Israel

דערשינען אין 200 נומערירטע עקזעמפּליאַרן,
יעדער עקזעמפּליאַר אונטערגעשריבן פון מחבר.
נר. 168

תל־אביב, מערץ, 1968 מיט פריינדשאַפט

דפוס „אורלי", ת"א, טל. 32062

# הקדמה

די פאָלגנדיקע עיקר־אַרבעט אין דעם ביכל — „דאָס יידישע טעאַטער אין פוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות", — איז אַ סעפּאַראַט־אָפּדרוק פונעם „יאָרבוך ב'", וואָס איז דערשינען אין תל־אביב אונטער דער רעדאַקציע פון אריה טאַרטאַ־קאָווער, אַרויסגעגעבן פון דער וועלט־פעדעראַציע פון פוילישע יידן. היות, ווי דאָס איז אַן אָפּגעשלאָסענע גאַנצקייט, איז פאַראַן אַ באַרעכטיקונג אַרויסצוגעבן עס באַזונדער, דערגענצנדיק בלויז מיט דער הקדמה, וועלכע צילט צו שאַפן דעם געשיכטלעכן פאָן פאַר דעם פאַנאַנדערבלי פון יידישן טעאַטער אין פוילן אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות; און אַ נאָכוואָרט, וואָס זאָל מאַכן געוויסע סך־הכלען וועגן דעם גורל פון יידישן טעאַטער אין פוילן נאָך דער דערמאָנטער תקופה.

דער שרייבער פון די שורות האָט אָפּילו אויף זיין געוויסן אַ גרעסערע אַרבעט אויף דער טעמע אין בוך־פאָרם („יידיש טעאַטער אין פוילן", 199 זייטן, פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע 1951), איז אָבער די גאַנצע אויפלאַגע פון דעם בוך שוין פון לאַנג אויספאַרקויפט; קיין נייע וועט זיכער נישט אַרויסגעגעבן ווערן; ווילט זיך געוויסע זאַכן איבערחזרן אין אַ געפּרעסטן קיצור — נאָך געפּרעסטער ווי ס'איז געשריבן די עיקר־אַרבעט אין דעם ביכל (כאָטש זי איז אויך זייער געפּרעסט, צימצומדיק און ברענגט בלויז די וויכטיקסטע מאָמענטן און נעמען; סקיצירט בלויז די עליות און ירידות פון דעם צום מיינסטן פאַרוואָרלאָזטן קינד פון דער יידישער פאָלקס־קולטור בעת איר אויפבלי־צייט אינעם גרעסטן און וויטאַלסטן יידישן יישוב אין אייראָפּע, אין פוילן).

פוילן, וואַרשע — דאָס איז דאָס פּאַקטישע וויגעלע פון יידישן פאָלקס־טעאַטער (אויב נישט צו רעכענען איינצלנע פּרוּוון, וואָס זענען צענדליקער יאָר פריִער געמאַכט געוואָרן אין האָלאַנד), וואָס האָט אָנגעהויבן צו ווירקן קאָלעקטיוו און עפנטלעך — שוין נישט ווי אויפטריטן פון פורים־שפּילערס, אָדער מאַרשאַליקס, נייערט מיט פּרוּוון צו געבן גאַנצע פאָרשטעלונגען, — אָנהייב דרייסיקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט (זע: ד"ר יעקב שאַצקי: „די עלטסטע געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע"). גאָר אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט וועגן אַזעלכע פּרוּוון איז אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער צייטונג „זשורנאַל דע פראַנקפורט" פון יאָר 1838, וואָס איז געוואָרן געפונען און פאַרעפנטלעכט פון ד"ר מ. ווײַנרייך. אין דער קאָרעספּאָנדענץ רעדט זיך בולט וועגן אויפשטעלן אַ שטענדיק יידיש טעאַטער („אין דער העברעיִש־יידישער שפּראַך"...) און וועגן די באַמיִונגען אַרום דעם,

וואָס האָבן געדויערט איייניקע יאָר. די דאָזיקע פּרווון זענען טאַקע אויסגענוצט געוואָרן פונעם שרייבער פון די שורות ווי שטאָף אויף אויסצובויען זיין היסטאָרישן ראָמאַן „וואַרשעווער פּורים־שפּילער“ (דערשינען אין 1957 יאָר אין וואַרשע, 316 זייטן).

יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין וואַרשע האָבן זיך איבערגעחזרט אויך אין די יאָרן 1839, 1840 — און אפשר נאָך אַ ביסל שפּעטער — און זיי האָבן געפונען אַ געגנוג ברייטן רעזאָנאַנס. דער בעסטער באַווייז זענען די דאָקומענטן וועגן מסירות און אינטערווענצן פון קהילישע תקיפים און קלער, וואָס האָבן דערפירט צו אַ פאַר־באָט פון די פאָרשטעלונגען (דאָקומענטן, וואָס ווערן ציטירט אין זייערע געשיכט־לעכע אַרבעטן פון ב. גאָרין און נח פּרילוצקי). געפינט מען טאַקע נישט ביזן יאָר 1866 קיין שום שפּורן פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין וואַרשע. דאַקעגן האָבן ווייטער געווירקט פּורים־שפּילערס — איינצלנע און אין גרופּעס; שפּעטער אויך — די „בראָדער זינגערס“ אין פאַרשידענע שטעט אינעם רוסישן פּוילן און נאָך מער: אין גאַליציע, וואָס איז דאַן געווען אַ טייל פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע (פון וואַנען זיי האָבן זיך אויך אַריבערגעטראָגן קיין רומעניע און געוואָרן דער מענטשן־יסוד פונעם גאָלדפאַדען־טעאַטער).

רייכערע אינפאָרמאַציע איז ווידער פאַראַן וועגן אַ פונקציאָנירנדיק יידיש טעאַטער אין וואַרשע אין די יאָרן 1868—1870. פאַראַן אַפילו פּראָגראַמען פון יענע פאָרשטעלונגען. פון די פּראָגראַמען קאָן מען אַרויסדרינגען, אַז אויך דאַן — ווי בעת די פריִערדיקע פּרווון — זענען די פרויען־ראָלן נאָך געשפּילט געוואָרן פון מענער (איבריקנס, איז אַזוי אויך געווען ביי גאָלדפאַדענס ערשטע טעאַטער־שריט).

אויף אַזאַ פּרוכטבאַרן באָדן פון צענדליקער יאָר פאַרמעסטן — אַפילו גרייטע אַקטיאָרישע כוחות — און געוויסע איינגעוואָרצלטע טעאַטער־טראַדיציע, טאַקע פון אַ המוניש טעאַטער, אין דער געדיכטעניש פון „עמך“, פון דער פאָלקס־מאַסע, (נישט ווי ביי די אומות העולם — אין פּאַלאַצן), האָבן זיך זייער גיך אָנגענומען די זוימען פונעם גאָלדפאַדען־טעאַטער אין גאַנץ פּוילן (פאַרשטייט זיך: ווו טעאַ־טער־גרופּעס האָבן געקאָנט ווירקן, ווו זיי זענען נישט געטריבן געוואָרן מיטן כוח פון חרם און מסירות דורך די אָרטיקע פרומאַקעס). וואַקסן אויס יידישע טעאַטער־גרופּעס, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, ביז עס קומט — נאָך דער גרויסער פּאָגראָם־כוואַליע אין אָנהייב אַכציקער יאָרן אין רוסלאַנד — דער פאַרבאָט צו שפּילן טעאַטער אין יידיש. אָבער אויך דאַן גיבן זיך יידישע אַקטיאָרן אַן עצה, — זיי שפּילן, ווו עס לאָזט זיך, אין גאַנץ רוסלאַנד, אונטער דער מאַסקע פון „יידיש־דייטש“־טעאַטער (אין גאַליציע האָבן זיי צוליב אַנדערע טעמים געשפּילט מערסטנס „יידיש־דייטש“. דאָס האָבן זיך די טעאַטער־באַלעבאַטים געוואָלט אויספּיינען, אויסאינטעליגענטעווען). אונטער דער דאָזיקער מאַסקע ווירקט דאַן אויך — אין רוסלאַנד און אין פּוילן — אברהם גאָלדפאַדען (און זיינע נאָכפאָלגערס), ביז ער פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. אין וואַרשעווער „עלדאָראַדאָ“ האָט ער אַ דערפאָלג — אין לשער. זיין „שולמית“ ווערט דאַן (1885) געשפּילט 150 מאָל! גאָלדפאַדענס לידער הייבן אָן צו וואַנדערן איבער פאַבריקן און וואַרשטאַטן, צווישן משרתים

און דינסטן. יעקב דינעזאָן האָט געשריבן, אַז די גאָלדפאַדען־מעלאָדיעס זענען געוואָרן דער גרעסטער כוח פונעם יידישן טעאַטער. זיי זענען געוואָרן פאָלק־מעלאָדיעס, וואָס זענען געזונגען געוואָרן ביים איינוויגן אַ קינד, ביי דער אַרבעט, אויף שמחות און בעת אַ שווער געמיט; מעלאָדיעס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט סאָציאַלן אויפברויז און נאַציאָנאַלע דערוואַכונג.

פונעם „עלדאָראַדאָ" זענען אויסגעוואַקסן — אין דער גאָלדפאַדען־תקופה און אייניקע יאָר שפּעטער — די מערהייט יידישע אַקטיאָרן און טעאַטער־מענטשן, ווי די שוואַרצבאַרדס (פאָטער און זון), די בערמאַנס (הערמאַן און אַדאָלף), טריי־לינג, פיינשטיין, ישעיהו ראָטשיין, אברהם־יצחק קאַמינסקי, י. ליבערט, בעני אַבעלמאַן און זיין פרוי, טיטלמאַן. מיט דער גרופּע אַרבעט דער שוין דאַן באַקאַנ־טער דייטשישער און פּוילישער אַקטיאָר יוליוס אָסקאַר (ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1927 ווי דער עלטסטער יידישער אַקטיאָר; געווען ביי די ניינציק יאָר און נאָך געשפּילט עפּיזאָדן אינעם וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער „וויקט"). אין „עלדאָראַדאָ", אונטער אָסקאַרס אָנפירונג, האָט אויך אָנגעהויבן איר סצענישע קאַריערע אַ יונג מיידל פון דער פּראָווינץ, רחל האַלפּערין, פון וועלכער ס׳איז אויסגעוואַקסן די גרעסטע אַקטיאָרישע פּערזענלעכקייט פונעם יידישן טעאַטער אין פּוילן און רוסלאַנד, די „מאַמע פון יידישן טעאַטער" אסתר רחל קאַמינסקאַ.

די רעוואָלוציע פון 1905 האָט אַ ביסל אויפגעטרייסלט די יסודות פון צאַרישן אַבסאָלוטיזם. ס׳ווערט לויזער זיין קלעם. ס׳ווערט אויך טיילווייז אויפגעריכט דאָס יידישע טעאַטער: פאָרמעל ווערט אָפּגעשאַפט דער פאַרבאָט צו שפּילן יידיש. פאַרשטייט זיך — נישט אומעטום דערגייט די פאַרהויירקלעכונג פון דער „פריי־הייט". אַ סך איז אָפּהענגיק פון די אָרטיקע נאַטשאַלניקעס, פּאָליציי־לייט און זשאַנדאַרמען. אַזוי, צום ביישפּיל, איז אין אַזאַ יידישן צענטער, ווי ביאַליסטאָק, נאָך אַ שיינע פּאָר יאָר געווען פאַרווערט צו שפּילן יידיש. נייערט — דאָס יידישע טעאַטער צעוואַקסט זיך סיי ווי איבער דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ און איבער די ברייטקייטן פון רוסלאַנד, ווו ס׳איז נאָר דערלויבט געווען יידן צו וווינען (אין גאַליציע איז דאָך שוין אָפּגערעדט. דאָרט איז בלויז געווען קאָנצעסיע־באַגרענע־צונגען. קאָנצעסיעס האָבן באַקומען אויסגעדינטע עסטרייכישע אונטעראָפיצירן, וואָס האָט געלייגט אַ געוויסן קאַזאַרמע־חותם אויף די דאָרטיקע יידישע טעאַ־טערס). ס׳אַנטשטייען דאַן שטענדיקע יידישע טעאַטערס: אין וואַרשע (דריי, צייטנווייז — פיר), אין לאָדזש (צוויי), ווילנע, און אַ גרעסערע צאָל וואַנדערנדיקע אַנסאַמבלען. ס׳וואַקסן אויס יוסטע טעאַטער־דירעקטאָרן: א. י. קאַמינסקי, קאָמ־פּאַניעיעץ, א. פישזאָן, ספּיוואַקאָווסקי, סאַבסיי, זאַנדבערג, א. גענפּער, נ. ליפּאָווסקי, גוזיק; באַדייטנדיקע אַקטיאָרישע טאַלאַנטן: אסתר־רחל קאַמינסקאַ, מ. מייערסאָן, ליבערט, טרילינג,ביידע בערמאַנס, ניעראַסלאַווסקאַ, ווייסמאַן, יערמאַלינאַ, יוליוס אַדלער, עמיליע אַדלער, ה. סיעראַדזקי, זשעליאַזאָ, רודאָלף זאַסלאַווסקי, ש. לאַנדוי, מ. פישזאָן, א. ראַפּעל און אַ סך אַנדערע. טעאַטערס שפּילן שוין שלום־עליכמען („צעזייט און צעשפּרייט" ביי קאָמפּאַניעיעצן), פּרצן (איינאַקטערס און „נסיון" ביי קאַמינסקי), ווי אויך איבערזעצונגען: מאָליער („איינגערעדטער קראַנקער"), גאָרקי („אויפן אָפּגרונט"), איבסען, סטרינדבערג, פר. שילער, אָ. מירבאָ; מ׳שפּילט

פיעסן פון יונגע דראַמאַטורגן: דוד פּינסקי, שלום אַש, פּרץ הירשביין און דער עיקר — ס׳הייבט זיך אָן די תקופה פון יעקב גאָרדין.

צום טעאַטער דערנענטערט זיך י. ל. פּרץ אַליין און מיט אים — ה. ד. נאָמבערג, אַ. וויטער, ד״ר א. מוקדוני, ש. אַש, וועלכער פּרוווט אַליין צו שפּילן. ס׳וואַקסן אויס ערנסטע דראַמאַטישע קרייזן — דער „הזמיר״, אין וואַרשע, אין לאָדזש; קרייזן־סטודיעס פון דוד הערמאַן, מאַרק מילנער און אַנדערע אין וואַרשע; יצחק קאַצענעלסאָן הייבט אָן טעאַטער־פּרוון אין לאָדזש. עס שאַפט זיך אָן ערנסטע טעאַטער־קריטיק, וואָס קאָן זיך גרויסן מיט אַזאַ פּערזענלעכקייט, ווי י. ל. פּרץ (רעצענזיעס און טעאַטער־פעליעטאָנען), ד״ר א. מוקדוני, נח פּרילוצקי — אין וואַרשע; ישעיהו אוגער — אין לאָדזש. עפנטלעכע טעאַטער־דיסקוסיעס ווערן איינגעאָרדנט מיטן אָנטייל פון די דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן און אַנדערע — אין וואַרשע און אין לאָדזש.

אָט אַזאַ „צוגרייטונג״ — אין אַלע פּרטים — האָט געהאַט דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן צום צווישן־מלחמה־פּעריאָד. און כאָטש ס׳איז געווען אַן איבעררייס אין משך פון אַ קורצער צייט אין זיין עקזיסטענץ און ווירקונג — בעתן אויסברוך פון דער מלחמה (אין 1914), איז צוזאַמען מיט די פּאַרטרייבונגען פון שטעט און שטעטלעך, מיט די רדיפות פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן (דעם קייזערס פעטער און הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי) אויף די יידן אין פּוילן און רוסישע ראַנד־געביטן, אויך געפאַלן אַ כפּרה־הינדל דאָס יידישע טעאַטער, נייערט דאָס מאָל אַפילו אָן דער מעגלעכקייט צו ווירקן ווי „יידיש־דייטש״ (די מלחמה איז דאָך געווען קעגן די דייטשן) — האָט דאָך דאָס טעאַטער צוריק אויפגעלעבט און אויפגעבליט אין גאָר אַ קורצער צייט. גלייך ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען אַ שטאָט, האָט מען — ממש אין געציילטע טעג — ווידער דאָרט אָנגעהויבן צו שפּילן. אין לאָדזש — יוליוס אַדלער מיט זיין טעאַטער (מיט דער מערהייט — אָרטיקע אַקטיאָרן); אין וואַרשע — קאַמינסקיס טעאַטער, שפּעטער אויך „צענטראַל״ און „עליזעום״ מיט פאַרשידענע פּרוון („צענטראַל״ איז געוואָרן די היים פון דער איראָפּעישער אָפּערעטע, וואָס האָט אויפגעבליט ביים דייטש מיט מיכאַלעסקאָ, כאַראַז, לעדערמאַן, שפּעטער — לאַנדאַו, ווי אויך דייטשישע פּרימאַדאָנעס און סובּרעטינס), ווילנע — ליפּאָווסקיס טעאַטער; אין ביאַליסטאָק — פּרוון פון אָרטיקע אַקטיאָרן, ווי יהודה גרינהויז (וועגן גאַליציע איז שוין אָפּגערעדט). דער עיקר אָבער — ערנסטע טעאַטער־סטודיעס, דראַמאַטישע קרייזן, וואָס האָבן זיך האַלב־פּראָפעסיאָנאַליזירט, ווי אין ווילנע — די „פאַדאַ״ (פאַראייניקטער אידישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל), פאָרמעל אונטער דער אָנפירונג פון מתתיהו קאָוואַלסקי (דאָן — דעם איינציקן פּראָפעסיאָנעלן אַקטיאָר ביי זיי), אָבער פאַקטיש: מאַזאָקאַדיסאָן (פון זיי איז טאַקע אויסגעוואַקסן די „ווילנער טרופּע״); אין וואַרשע — „דאָס אַרטיסטישע ווינקעלע״ אין „הזמיר״, אונטער דער אָנפירונג פון די יונגישקע זיגמונט טורקאָוו און ב. ניצבערג, מיט מרים שיק, יעקב ווייסליץ, ה. העלדענבערג, יאָנאַס טורקאָוו א״אַ; אין לאָדזש — „הזמיר״, אונטער דער אָנפירונג פון יצחק קאַצענעלסאָן, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון זלמן זילבערצווייג און אַ סך אַנדערע. די דאָזיקע קרייזן האָבן עס געהאָלפן שאַפן די גינסטיקע קול־

טור־אַטמאָספער, וואָס האָט זיך אינעם צווישן־מלחמה־פעריאָד פאַרשפּרייט אַרום דעם בעסערן יידישן טעאַטער.

דאַן האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע און מאַסגעבנדיקע טעאַטער־קריטיק אין יידישן פוילן, אַ קריטיק, וואָס האָט אויך באַקומען איר אָפּשפּיגלונג אין זשורנאַלן און ביכער וועגן טעאַטער. אַזוי זענען דערשינען געזאַמלטע רעצענזיעס (צוויי בענד) פון נח פּרילוצקי; צוויי בענד טעאַטער־אָפּהאַנדלונגען און רעצענזיעס פון מ. ווייכערט; אַ באַנד טעאַטער־באַטראַכטונגען פון אַ רעוואָלוציאָנערן שרייבער יעקב וואַסערמאַן; אַ בוך עסייען פון אברהם מאָרעווסקי „שיילאָק און איך" א״אַ; אַ צאָל אַרבעטן צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער זענען געשריבן געוואָרן פון ש. ל. ציטראָן, יעקב שאַצקי, נחמן מייזיל, יצחק טורקאָוו און דער עיקר: דאָס פונדאַמענטאַלע ווערק פון ד״ר יצחק שיפּער „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750". אַ צייט איז דערשינען אַ חודש־זשורנאַל „יידיש טעאַטער" אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר מיכאַל ווייכערט, זיגמונט טורקאָוו; אין לאָדזש איז דערשינען אַ טעאַטער־זשורנאַל אונטער דער רעדאַקציע פון זלמן זילבערצווייג און פאַרשידענע אַנדערע — אין משך פון קורצערע פעריאָדן — אויסגאַבעס, ספּעציעלע פאַר טעאַטער און קונסט.

וואָס שייך דער קריטיק, איז זי געווען ערנסט אײַנגעשטעלט אין דער גאַנצער פּרעסע אין פוילן. אין וואַרשע זענען די טעאַטער־קריטיקערס און רעצענזענטן געווען פון די באַדייטנדיקסטע יידישע זשורנאַליסטן, ווי: ב. קאַרלינסקי, בייניש מיכאַלעוויטש, ב. שעפנער, אהרן איינהאָרן, י. מ. ניימאַן (א. פויגל), יעקב אַפּענשלאַק, אלחנן ציילין י. זרובבל, א. ש. יוריס, נחמן מייזיל (אַ צייט אַפילו פּרץ מאַרקיש אין די „ליטעראַרישע בלעטער"), ד. ב. מאַלקין, אַ חוץ די שוין אויבן־דערמאָנטע; אין ווילנע — זלמן רייזין, ש. דרייער, א. גראָדזענסקי, לייב סטאָצקי; אין ביאַליסטאָק — פּסח קאַפּלאַן; אין קראָקע — ד״ר מ. קאָנפער; אין לעמבערג — י. שפּיגעל, ל. וויינשטאָק, י. אַשנדאָרף; אין לובלין — י. ניסנבוים; אין לאָדזש — ישעיהו אוגער, משה בראָדערזאָן.

ס'האָט געבליט אויך די יידישע דראַמאַטורגיע אין פוילן. יצחק קאַצענעלסאָן האָט געשריבן לייכטע לירישע אָפּערעטעס; משה בראָדערזאָן האָט געשריבן טעקסטן פאַר פאַרשטעלונגען און קליינקונסט־פּראָגראַמען; משה קולבאַק האָט געפּרוּווט אין דער דראַמאַטורגיע (נאָך זיינע דערפאַרונגען אין בערלינער טעאַטערס) און פאַלק היילפּערין; שלמה גילבערט, י. מ. ניימאַן, י. י. זינגער, מלך ראַוויטש, מ. ב. שטיין, מ. פראַנקענטאַל און ש. לעווין. צו די מער־געשפּילטע דראַמאַטורגן האָבן געהערט: אלתר אייזנשלאָס („כסא הרבנות"), ד״ר י. ב. ציפּור („אויפשטאַנד"), מ. ליפשיץ („הערשעלע אָסטראָפּאָליער"), אהרן ציילין („יידן־שטאָט"), יעקב פּאַט („אין גאָלדן לאַנד"), צו די גאָר אָפט־געשפּילטע — יעקב פּרעגער („דער נסיון", „שמחה פּלאַכטע", „מלך פריילעך"), פישל בימקאָ („גנבים", „דעמבעס"); אַלטער קאַציזנע („דער דוכוס", „וועלט־געוויסן", „אין קריזיס"); לייב מלאך („איבער־גוס", „הערצער צו פאַרקויפן", „דער געלער שאָטן", „מיסי־

סיפּי״) — אַ חוץ, פֿאַרשטייט זיך, די פֿון לאַנג־פּאָפּולערע: דוד פּינסקי, שלום אַש, פּרץ הירשביין, ש. אַנסקי.

אין משך פֿון יאָרן האָט אין וואַרשע געווירקט אַ יידישע דראַמאַטישע שול (צוויי אַרויסלאָזן) אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ד״ר מ. ווייכערט. ס׳זענען אויך געגעבן געוואָרן איין־פּערזאָן־פֿאָרשטעלונגען, רעציטאַציע־אָוונטן, וואָרט־ און געזאַנג־רע־ציטאַלן, ווו ס׳האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די וואָרט־קאָנצערטן פֿון הערץ גראָסבאַרד, דאָס איין־פּערזאָן־טעאַטער פֿון חיהלע גראָבער און די קאָנצערט־אָוונטן פֿון יאָסעלע קאָלאָדני, אָוונטן פֿון יוסף קאַמען (נאָך זיין פֿאַרלירן דעם פּוס).

אַזאַ פֿולברוסטיק און פֿילפֿאַרביק, בלייִענדיק יידיש טעאַטער־לעבן אין פּוילן איז געווען צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דאָס אויבן־סקיצירטע — צוזאַמען מיטן קאָמענדיקן עסיי — גיט בלויז אַ בלאָס בילד דערפֿון. דוכט זיך אָבער, אַז ביי דער בלאַסקייט איז עס גענוג בולט כדי אָנצורופֿן דאָס גאַנצע ביכל: „געווען אַ יידיש טעאַטער״... געווען — ווייל דאָס, וואָס האָט געבליט אין צווישנמלחמהדיקן יידישן פּוילן, וועט שוין מער נישט זיין אין ערגעץ, קאָן שוין מער נישט זיין אין ערגעץ. גראָד, ווי ס׳קאָן שוין מער נישט זיין אַזאַ פֿולברוסטיק יידיש פֿאָלק־לעבן, ווי ס׳איז געווען אין פּוילן ביז דער היטלער־מגיפֿה.

יצחק טורקאָוו־גרודבערג

# דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן
# צווישן ביידע וועלט־מלחמות

סעפּאַראַטער אָפּדרוק פון יאָרבוך ב׳ פון דער וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע יידן

תל־אָביב תשכ״ח — 1967

יצחק טורקאָוו-גרודבערג

# דאָס יידישע טעאַטער אין פוילן צווישןביידע וועלט-מלחמות

(עליות און ירידות)

## א.

יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזם האָט זיינע תקופות פון עליה און תקופות פון ירידה. ס׳איז אָבער אַ ספק צי ערגעץ ווו זענען די איבערבייטן פאָרגעקומען אַזוי אָפּט, אַזוי קדחתדיק און צומאָל אַזוי צונויפגעמישט, צונויפגעפלאָנטערט, ווי אין יידישן טעאַטער אין פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות — סיי קינסטלעריש, סיי קולטור־געזעלשאַפטלעך. דאָס יידישע טעאַטער איז געווען אַ מין סייסמאָגראַף, וואָס האָט אַרויסגעוויזן — און אָפטמאָל אפילו סיגנאַליזירט — די וואַקלונגען און ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע פון די יידן אין פוילן, די דיסקרימינאַציעס און סאָציאַלע אויפטרייסלונגען, וועלכע ס׳האָט אַדורכגעמאַכט די יידישע באַפעלקערונג. און אַזעלכע ענדערונגען און אויפטרייסלונגען, וועלכע ס׳האָט אַדורכגעמאַכט די יידישע באַפעלקערונג, זענען געווען אָפטע, מ׳קאָן זאָגן — פיבערדיקע. איז אויך די רעאַגירונג פונעם יידישן טעאַטער געווען אַזאַ.

אָבער קודם כל לאָמיר זיך קלאָר מאַכן מיט וואָס פאַר אַ יידיש טעאַטער מיר וועלן זיך דאָ פאַרנעמען. אינעם צווישן־מלחמה־פעריאָד זענען געווען אין פוילן אַ סך טעאַטערס — ס׳האָבן אָפטמאָל געווירקט גלייכצייטיק איבער צוואַנציק יידישע טעאַטער־אַנסאַמבלען. זיי זענען צייטנווייז געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן; נישט זעלטן אויך — פאַרגאַנגען ווי די זומערפייגעלעך. אָט די אַלע טעאַטערס און אַנסאַמבלען וועלן אונדז אפשר קאָנען אינטערעסירן ווי אַ מין געזעלשאַפטלעכער פענאָמען. זיי קאָנען אָבער בפירוש נישט — אַ חוץ אייניקע, גאָר געציילטע פון זיי —

באַטראַכט ווערן ווי אַ קולטור־דערשיינונג מיט קינסטלערישע ווערטן. אַ שטייגער: די אַזוי גערופענע שונד־טעאַטערס, וואָס זענען געווען דער רוב מנין און בנין פון די יידישע טעאַטערס. אויף זיי וועלן מיר זיך בלויז פאַרבייגייענדיק אָפּשטעלן, כאָטש די דערמאָנטע טעאַטערס האָבן געהאַט דעם גרעסטן עולם, כאָטש זיי האָבן דאָמינירט אינעם יידישן טעאַטער און אָפטמאָל אפילו געהערשט אין אים אומבאַגרענעצט, ממש קאָנקורענצלאָז. אונדז אינטערעסירן אָבער איצט יענע טעאַטערס, וואָס האָבן געהאַט קינסטלערישע אַמביציעס און דערגרייכונגען, וואָס האָבן געשאַפן — אָדער לכל הפחות זיך באַמיט צו שאַפן — געוויסע קולטור־ווערטן. בלויז אַזעלכע טעאַטערס פאַרדינען פאַראייביקט צו ווערן אינעם אוצר פון יידישן קולטור־שאַפן אין פוילן. און דאָס נישט געקוקט דערויף, וואָס די שונד־טעאַטערס האָבן זיך אָפטמאָל אויסגעצייכנט מיט זייערע קרעפטיקע אַקטיאָרישע טאַלאַנטן און, ווי געזאָגט, צוגעצויגן דעם מאַסן־עולם.

אַן ענלעכע לאַגע איז אייגנטלעך אויך געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויך דאַן האָבן אויף דער יידישער גאַס טריומפירט די „כינקע־פינקע"־טעאַטערס. אָבער אין דער געשיכטע פונעם יידישן טעאַטער אין יענער תקופה — און פונעם יידישן קולטור־שאַפן בכלל — איז פאַרבליבן דער אַנסאַמבל פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַ. פאַרבליבן זענען אויך די פרווון צו רעפאָרמירן דאָס יידישע טעאַטער, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון י.ל. פרץ און זיין סביבה, די דוד הערמאַן־קרייזן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן פון דער י.ל. פרץ־סביבה (אַריינגערעכנט דעם וואַרשעווער און דעם לאָדזשער „הזמיר"), דער פרץ הירשביין־אַנסאַמבל, נישט געקוקט אויף זיין קורץ־דויערנדיקער ווירקונג אין פוילן, די „ווילנער טרופּע", וואָס האָט בעת דער מלחמה אָנגעהויבן צו ווירקן ווי אַ דראַמאַטישער קרייז אין ווילנע און איז אין וואַרשע געוואָרן די „ווילנער טרופּע" (ווי ס'האָט דאַן דעם אַנסאַמבל אַ נאָמען געגעבן ה.ד. נאָמבערג).

מיט דער „ווילנער טרופּע" וועלן מיר טאַקע אָנהייבן אונדזער איבערבליק וועגן דעם צווישן־מלחמהדיקן פעריאָד פונעם יידישן טעאַטער אין פוילן, ווייל זי איז עס געווען די צום מייסטן כאַראַקטעריסטישע, די לאַנגדויערנדיקסטע און רומפולסטע קינסטלערישע קולטור־אינסטיטוציע, וואָס דאָס יידישע טעאַטער אין פוילן האָט אַרויסגעגעבן אין יענער תקופה.

בעת דער באַפרייונג פון פוילן, ד. ה. בעתן פאַרטרייבן דעם דייטשן אָקופּאַנט, האָט די „ווילנער טרופּע" געשפּילט אינעם וואַרשעווער „עליזעום"־טעאַטער, ווו זי האָט זיך דערוואָרבן גרויס אָנזען און אַ סך חסידים. איר פּאָזיציע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט אָפטמאָל געקאָנט קאָנקורירן מיטן אויסגעצייכנטן אָפּערעטן־

טעאַטער, וואָס האָט דאַן געשפּילט אינעם צענטער פון יידישן וואַרשע — אין „צענטראַל"־טעאַטער אויף לעשנע — מיט אַזעלכע סטאַרן (טייל פון זיי אמתע בינע־שטערנס) ווי מיכאַלעסקאַ, כאַראַז, לעדערמאַן און דייטשע פּרימאַדאָנעס מיט סוברעטינס. („עליזעאום" האָט זיך דאַקעגן געפונען אויף קאַראָווע, אין אַ פּוילישער געגנט, ווו ס'איז אָפּטמאָל געווען נישט אַזוי זיכער פאַר אַ יידן צו שפּאַצירן, באַזונדערס אין די צייטן, ווען ס'האָבן אין פּוילן געבושעוועט די „האַלערטשיקעס").

איר אָנזען האָט זיך די „ווילנער טרופּע" דערוואָרבן קודם כל מיטן קאָלעקטיוון כאַראַקטער פון איר סצענישער קונסט, ד. ה. מיט איר אַנסאַמבל־שפּיל, מיט איר צוגעקליבענעם רעפּערטואַר, וואָס איז באַשטאַנען פון יידישע און איבערזעצטע ווערטפולע ווערק, ווי אויך מיט איר באַציונג צו דער שפּראַך. ביי יענער הפקרות, וואָס האָט אויך שפּראַכלעך דאַן געהערשט אויף די יידישע בינעס (דער עיקר ווי אַ ביטערער ירושה־הויקער פונעם „יידיש־דייטשן" טעאַטער, — פון די צייטן, ווען ס'האָט געהערשט דער פאַרבאָט אויף יידיש־טעאַטער אין רוסלאַנד; אָדער פון דעם סתם פאַרדייטשמערישטן יידישן טעאַטער אין גאַליציע) — איז דער איינהייטלעכער, אָפּגעהיטער דיאַלעקט פון די „ווילנער" (טאַקע דער ליטווישער דיאַלעקט, להיפּוך צום וואָלינער, וואָס האָט בדרך כלל געהערשט אויף די יידישע בינעס) געווען אַ קולטור־דערשיינונג פון גרויסן באַדייט. דערצו זענען די פאָרשטעלונגען ביי זיי געווען ציכטיק און קולטורעל, וואָס האָט געהאָלפן שאַפן די געהעריקע אַטמאָספער אין און אַרום דעם טעאַטער.

נישט בלויז מיטן דיאַלעקט האָבן די „ווילנער" דאַן מחדש געווען אינעם יידישן טעאַטער, נייערט אויך מיטן סטיל פון זייער שפּילן, פון זייער רעפּערטואַר. זיי זענען מושפּע געווען פון דער רוסישער טעאַטער־קולטור (וואָס איז כידוע געווען גאָר אַ הויכע). אין יענער צייט פונעם רוסישן נאַטוראַליזם און סימבאָליזם האָט דער אָפּגעפרעמדטער יידישער אינטעליגענט געקאָנט געפינען ביי די „ווילנער" זיין בריק צום יידישן לעבן, צו דער יידישער קולטור. דער פאָלקס־אינטעליגענט און אינטעליגענטער אַרבעטער ווידער — זיי האָבן זיך באַגייסטערט מיט דער פיינער מדרגה פונעם אַנסאַמבל־שפּיל ביי די „ווילנער", פון זייער ערנסטער באַציונג צום טעאַטער־שאַפן, פון זייער פאַרהעלטנישמעסיקער טעאַטער־קולטור און זייער חלק אינעם אויפשטייג פון יידיש־וועלטלעכן קולטור־לעבן.

דער וואַרשעווער פּעריאָד פון די „ווילנער" איז געווען זייער גלאַנץ־פּעריאָד. צו די שאַפער און די ערשטע פון דער טרופּע: לייב קאַדיסאָן, מתתיהו קאָוואַלסקי, פאָליאַ וואַלטער, יהודית לאַרעס, אַלעקסאַנדער אזרא, עלמית, בלומענטאַל, נאַכבוש, ח. שניאור, טאַנין, אלעקס שטיין, די יינגערע — חוה בראַז, יוסף

קאַמען, יוסף בולאָוו, ליובא קאַדיסאָן, שמואל שעפטל, חבל בוזגאַן, די אַקטיאָרן פון עלטערן דור — נישט קיין ווילנער — לייזער זשעלאַזאָ, לאה נעמי, זענען צוגעקומען די יונגע (דער עיקר פון פוילישע דראַמאַטישע שולן) מרים אָרלעסקאַ, בעלאַ בעלערינאַ, מרים שיק, מרים ווײַדע, מאָריס נאַרוויד, י. שידלאָ, יעקב גערטנער, יעקב ווייסליץ, דער לאָדזשער הערץ גראָסבאַרד און דער עיקר — דער רעזשיסער דוד הערמאַן.

די „ווילנער טרופּע" איז, ווי געזאָגט, געווען דער סטאַבילסטער יידישער טעאַטער־אָרגאַניזם פון וואָג און באַדייט אין צווישנמלחמהדיקן פוילן (און פון די זעלטענע אויסער די גרענעצן פון פוילן), כאָטש אויך זי האָט אַדורכגעמאַכט אַ סך ענדערונגען, שפּאַלטונגען און קריזיסן — און דאָס זייער אָפט, ממש כראָניש. צייטנווייז זענען אפילו טעטיק געווען אייניקע „ווילנער טרופּעס", וואָס יעדע פון זיי האָט געטענהט, אַז זי איז די ריכטיקע „טרופּע".

פון די ערשטע „ווילנער" איז אַ גרעסערע גרופּע אַוועק אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן קיין מערב־אייראָפּע און פון דאָרט — קיין אַמעריקע, ווו זי האָט נאָך אַ געוויסע צייט עקזיסטירט ווי אַ „ווילנער טרופּע". „ווילנער" האָבן אין פאַרשידענע צייטן גאַסטראָלירט אין פאַרשידענע לענדער. די קרוין פון די „ווילנער" געהערט אָבער בלי שום ספק צו דער גרופּע, וואָס איז געווען טעטיק אונטער דער אָנפירונג פון מ. מאַזאָ: 1) ווייל זי איז ביז איר סוף (געציילטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה) פאַרבונדן געווען מיט פוילן, הגם זי האָט אייניקע מאָל (אפילו אַ לענגערע צייט) גאַסטראָלירט אויך אין אויסלאַנד; 2) ווייל זי איז געווען די שפּעפעריש־אַקטיווסטע אום צום מיינסטן ווירקנדיקע פון אַלע אַנדערע „ווילנער"; 3) ווייל זי האָט אויך אין פּרט פון רעפּערטואַר (און זיין איינפירונג) געשאַפן באַדייטנדיקע, ממש היסטאָריש־וואָגיקע פּאָזיציעס אינעם יידישן טעאַטער.

די דאָזיקע „ווילנער" האָבן אין משך פון די קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר עקזיסטענץ דורכגעזיפּט אַ סך צענדליקער אַקטיאָרן, וועלכע זענען פאַרבליבן אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט אין קאָלעקטיוו. נישט געווען כמעט קיין איין ערנסטער יידישער אַקטיאָר פון פוילן — אָדער אַזאַ וואָס האָט געווירקט אַ לענגערע צייט אין פוילן — וואָס זאָל נישט האָבן געווען פאַרבונדן מיט די „ווילנער". אָבער דער כוח, וואָס האָט דעם קאָלעקטיוו, אָדער די פירמע, געהאַלטן — סיי אין די צייטן פון שווערן גערעאַנגל פאַרן קיום, סיי אין די יאָרן פון זיינע גרויסע נצחונות — איז געווען דער „געשעפטספירער" פון דער טרופּע מ. מאַזאָ.

דאָס איז געווען אַ פּערזענלעכקייט — און אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט — אינעם יידישן לעבן אין פוילן. אַ מענטש מיט קולטור, מיט אַ יידישער און

אַלגעמיינער ערודיציע, מיט געשמאַק און מיט אַ ברייטן פֿאַרנעם, מיט דרייסטע איינפֿאַלן און צומאָל אַוואַנטוריסטישער ריזיקאַלישקייט. האָט ער געפֿירט דאָס טעאַטער — געפֿירט טאַקע אינעם פֿולן זין פֿון וואָרט; מ׳קאָן אַפֿילו זאָגן — געפֿירט אַ טעאַטער־פּאָליטיק. ער איז אומגעקומען אין דער היטלעריסטישער נאַכט צוזאַמען מיטן יידישן וואַרשע, מיט וועלכן ער איז געווען צונויפֿגעוואַקסן זינט ער איז דאָס ערשטע מאָל אַהינגעקומען מיט דער טרופּע.

אַ צווייטער מענטש, וואָס האָט געהאַט אַן אומגעהויערע השפּעה אויף דער גייסטיק־קינסטלערישער אויספֿאָרמירונג פֿון די „ווילנער" אין זייער ערשטן וואַר־שעווער פּעריאָד (ווי אויך אין דער תּקופֿה נאָך זייער צוריקקומען פֿון רומעניע) איז געווען דער רעזשיסער דוד הערמאַן. לעולם איז ער טאַקע געווען פֿון גאָר אַן אַנדער סבֿיבֿה און טעאַטער־קולטור. דוד הערמאַן איז געקומען פֿון אַ פּוילישער טעאַטער־שול, מיט בולטע השפּעות פֿונעם יונג־פּוילישן נעאָ־ראָמאַנטיזם און מיס־טיציזם. ער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פֿון אַ חסידישער סבֿיבֿה; דער פּוילישער מיסטיציזם אין דער קונסט האָט זיך איבערגעשמאָלצן אין הערמאַנס שעפֿערישן פֿייער אין דער ראָמאַנטיק פֿונעם חסידיזם, אין דער מיסטיק פֿון דער קבלה. אַ חסידישער ניגון האָט געקאָנט ווערן דער צענטער פֿון זיינער אַ רעזשיסערישער קאָנצעפּציע. אַ טאָן האָט אים געקאָנט אָנרעגן אויסצובויען אַ געשטאַלט. ער האָט אָפּעריִרט מיט סודות־פֿולער טונקלקייט, מיט אַ געפּרעסטקייט פֿון בילד און טאָן, מיט ניגונים און שטימונג־פּויזעס. דערמיט פֿלעגט ער אָפּטמאָל דערגרייכן באַדייטנדיקע עפֿעקטן. דאָס איז צום שטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק אין זיין עפּאָכעמאַכנדיקער אויפֿפֿירונג פֿון ש. אַנסקיס „דיבוק" (אויפֿגעפֿירט צו די שלושים נאָך ש. אַנסקי, דעם 9־טן דעצעמבער 1920). די דאָזיקע אויפֿפֿירונג איז געווען דער גרעסטער דערפֿאָלג פֿונעם יידישן טעאַטער אינעם פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אַ דערפֿאָלג וואָס האָט אָפּגעהילכט איבער גאָר דער וועלט און האָט גורם געווען אַ צאָל „דיבוק"־אויפֿפֿירונגען אין אייניקע שפּראַכן און אויף פֿאַרשידענע וועלט־בינעס. ביי דער ערשטער אויפֿפֿירונג אין וואַרשע האָט זיך אויך באַזונדערס אויסגעצייכנט אַקטיאָריש אברהם מאָרעווסקי אין דער ראָל פֿונעם מיראָפּאָליער צדיק.

דער „דיבוק" איז אָבער אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן אויך דער גורם פֿון אַ שווערן קריזיס, וואָס איז אויסגעבראָכן אין דער „ווילנער טרופּע". אַ טייל אַקטיאָרן האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט אַ „דיבוק"־מאַניער (דאָס האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אָפּגעשלאָגן אויף דער טאַלענטירטער מרים אָרלעסקאָ — די לאה פֿון „דיבוק", וועלכע איז אויך אומגעקומען אינעם וואַרשעווער געטאָ).

אינעם צווייטן פּעריאָד פֿון די „ווילנער" אין פּוילן (נאָך זייער צוריקקומען

פון רומעניע, אין יאָר 1927), האָט דוד הערמאַן אויפגעפירט יעקב פרעגערס „נסיון" (די אורפרעמיערע איז פאָרגעקומען אין לעמבערג) — מיט אַ נייער פריץ־געשטאַלט פון מאַרוועסקיס גאַלעריע, מיט אַ גלענצנדיקן עקאַנאָם פון קאַמענען און מיט רחל האָלצער — דאַן נאָך כמעט אַן אַנפאַנגערין — אין אַ לירישער מענער־ראָל. ער האָט אויך אויפגעפירט העבעלס „יהודית און האָלאָפערנעס"; די אַלטע יידישע קאָמעדיע פון ל. לעווינזאָן „וויבערישע קניפּלעך" און אַ צאָל אַנדערע פאָרשטעלונגען, אפילו אַ סאָוויעטישע קאַמעראַלע קאָמעדיע (קאַטאַיעווס „די קוואַדראַטור פון ראָד"). אָבער די גרויסע געשעעניש איז אינעם צווייטן פעריאָד בלויז געווען די אויפפירונג פון י. ל. פּרצס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" — מיט דער מוזיק פון יוסף קאַמינסקי, דעקאָראַציעס פון וו. ווייַנטרויב — מיט א. סאַמבערג (לץ) און י. ווייסליץ (בדחן).

ס'איז געווען אין יענער תקופה נאָך אַ פּרוּוו פון דוד הערמאַנס אַ מאָנומענ־טאַלער פאָרשטעלונג ביי די „ווילנער" — ה. לייוויקס „דער גולם" — אָבער אַ נישט געלונגענער פּרוּוו, נישט געקוקט אויף די קעראַציעס: פון דניאל שאַפּיראָ (דער ערשטער היטלער־קרבן פון דער יידישער קינסטלער־וועלט — אומגעקומען דעם לעצטן טאָג פון דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע) — דער גולם; יוסף קאַמען (געשטאָרבן אין די מלחמה־וואַנדערונגען אין יאָר 1942 אויפן אוראַל) — תנחום און שמחה נאַטאַן (געשטאָרבן האַרט נאָך דער מלחמה אין וואַרשע) — טאַדעוש, יעקב ווייסליץ — דער מהר"ל. דאָס איז אויך געווען די לעצטע גרויסע אויפפירונג פון דוד הערמאַנען אין פּוילן, ווייל ער האָט קורץ דערנאָך אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און איז דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1936.

נאָך רעזשיסערן האָבן אינעם ערשטן פעריאָד פון די „ווילנער" אָפּגעשפּילט ביי זיי אַ וויכטיקע ראָל. דאָס איז געווען: 1) דער אַקטיאָר לייב קאַדיסאָן (אייגנטלעך — איינער פון די גרינדער פון דער טרופּע), וועלכער האָט צווישן דער גרעסטער צאָל פּיעסן אויפגעפירט — אויך צום ערשטן מאָל אין אייראָפּע — שלום עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד" (אַליין געשפּילט דוד שפּיראָ, ביי אַן אויסגעצייכנטער באַזעצונג: שרה — יהודית לאַרעס, געשטאָרבן ביי די „ווילנער" אין רומעניע; בעטי — ליובאַ קאַדיסאָן; שניאורסאָן — יוסף בולאָוו; איוואַנאָוו — מיכאל סלאָ־באָדסקי; סיאַמקאָ — יוסף קאַמען); אַנסקיס „טאָג און נאַכט" (פאַרענדיקט פון אַלטער קאַציזנע) מיט אַלעקס שטיין (ר'דן), מרים אָרלעסקאָ (מרים), יהודית לאַרעס (אַלטע רביצין), יוסף בולאָוו (חנניה). 2) אברהם מאָרעווסקי, וועלכער האָט אויפגעפירט צוו.אנ. טעאָדאָר הערצלס „דאָס נייע געטאָ", לעאָניד אַנדרעיעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש", ק. גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ" (די לעצטע צוויי —

אין זיך אייגענער איבערזעצונג). אין אַלע די פּיעסן האָט די הויפּטראָל געשפּילט פּריער מאַרעווסקי גופא. די ראָל פון אַקאָסטאַ האָט אָבער גלייך איבערגענומען אַלעקס שטיין, דערנאָך אויך — די הויפּט־ראָל פון „דער". ס'האָבן אויך געפּרוווט רעזשיסעריש: מענדל עלקין (שלום אַשס „אמנון און תמר" און „דער זינדיקער"), לעאָניד סניעגאָוו א.א.

די אַלע נעמען ווערן דאָ מיט אַ כיוון דערמאָנט, ווייל ס'ווילט זיך אַרויסהייבן נאָך איין אייגנאַרטיקייט פון די „ווילנער", אַ שטריך, וואָס האָט זיי געמאַכט אויך אַנדערש פון כמעט אַלע יידישע טעאַטערס אין יענער צייט: די רעזשי. דער דאָזיקער וויכטיקער עלעמענט פון אַ מאָדערנער טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט געשפּילט ביי זיי אַ וויכטיקע ראָל.

אין די קנאַפּע פיר יאָר, וואָס די „ווילנער" האָבן געשפּילט אין רומעניע (סוף 1923 — אָנהייב 1927), זענען ביי זיי אויפגעקומען נייע רעזשיסערן. מיט אייניקע פון זייערע אויפפירונגען זענען די „ווילנער" צוריקגעקומען קיין פּוילן. דאָס איז געווען קודם כל — דער דיכטער יעקב שטערנבערג און דער דאַן יונגיטשקער יוסף בולאָוו. אינעם צווייטן פּעריאָד ווידער אין פּוילן האָבן זיך אויבן־אָן אַרויסגערוקט צוויי נייע רעזשיסערן: מ. וויכערט און י. ראָטבאַום.

מיכאל וויכערט האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט ביי די „ווילנער" מיט זייער צווייטן עפּאָכעמאַכנדיקן דערפאָלג — זיין אייגענע דראַמאַטיזאַציע פון שלום אַשס „קידוש השם" (מיט דעם אומפאַרגעסלעכן א. סאַמבערג — מענדל אַרענדאַר); ער האָט אויך געמאַכט די ערשטע ערנסטע שעקספּיר־אויפפירונג (הגם נישט גאָר קיין געלונגענע) אין יידישן טעאַטער אין פּוילן: „שיילאָק" — אין דער איבערזעצונג פון ישראל שטערן און מאַרק ראַקאָווסקי (ווידער מיט סאַמבערגן). ער האָט אויך אויפגעפירט אהרן צייטלינס „יידן־שטאָט" — אַ היסטאָרישע דראַמע, מיט קאַמען, ווייסליץ, מאַנסדאָרף און אָרלעסקאָ; און מ. ליפשיצ'ס קאָמעדיע „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" (מיט יוסף קאַמען — הערשעלע; יעקב־ווייסליץ דער רבי). אין כמעט די אַלע אויפפירונגען זענען אַ גרויסע הילף געווען: די מוזיק פון העניך קאָן, די כאָרעאָגראַפיע פון לאהה ראָטבאַום און די סצענאָגראַפיע פון וו. וויינטרויב.

יעקב ראָטבאַום האָט געמאַכט זיך פּראָפעסיאָנעלן רעזשיסערישן דעביוט מיט יו. אָ'נעילס „שוואַרצע געטאָ". ער האָט אויך אויפגעפירט ביי די „ווילנער" דוד בערגעלסאָנס „די ברויטמיל", (אַ רעזשיסערישער וואַריאַנט פון „דער טויבער"); לאַמפּעלס „דער בונט אין אויסבעסערונגס־הויז" און זיין גרעסטן דערפאָלג אין יענער תקופה — א. טרעטיאַקאָווס „שריי, כינע!" ער האָט עס אַריינגעבראַכט צו די „ווילנער" דעם צום מיינסטן סאָציאַל־אַנגעלאָדענעם רעפּערטואַר, וואָס האָט

אָפּטמאָל אַרויסגערופן רעפּרעסיעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען. נאָכדעם ווי די „ווילנער" זענען צוריקגעקומען פון זייער אָרגאַניזאַציאָנעל־אומגליקלעכן טורנע אין מערב־אייראָפּע, האָט ראָטבאַום נאָך אויפגעפירט אַ נייעם וואַריאַנט פון שלום־עליכמס „200.000" (מיט לידער־טעקסטן פון משה בראָדערזאָן, מוזיק — הענעך קאָן); אַ באַאַרבעטונג פון דער אַלטער יידישער קאָמעדיע — „רעקרוטן" פון אַקסנפעלד (דאָס איז אייגנטלעך כמעט געווען דאָס שוואַנען־ליד פון די „ווילנער", וואָס זענען זיך ענדגילטיק פאַנאַנדערגעפאַלן אין יאָר 1935). אין דער מערהייט פון זיינע אויפפירונגען האָט אים סצענאָגראַפיש געהאָלפן דער באַרימטער פּוילישער סצע־נאָגראַף פּראָנאַשקאָ.

איינצלנע אויפפירונגען האָבן אויך אַנדערע רעזשיסערן געמאַכט ביי די „ווילנער": דער פּוילישער רעזשיסער יעזשי וואַלדען (אַ ייד) האָט אויפגעפירט פּראַנצישעק לאַנגערס „פּעריפעריע" (מיט יוסף קאַמענען); י. טונקעלס (דער טונקעלער) אַן אַקטועלע קאָמעדיע „גאָטס גנבים" א.אַ.; זיגמונט טורקאָוו האָט אויפגעפירט שלום אַשס „אָנקל מאָזעס" אין דער דראַמאַטיזאַציע פון אידאַ קאַמינסקאַ (ווו ער האָט געשפּילט די הויפּטראָל); א. סאַמבערג האָט אויפגעפירט „אַזעף" (מיט זיך אַליין אין דער הויפּטראָל); דניאל שאַפּיראָ — וו. קאַטאַיעווס „אַ מיליאָן צרות"; חבל בוזגאַן — אַן אַנדער קאָמעדיע פון קאַטאַיעוון — „דער בלומען־וועג" א.אַ.

אַ חוץ די פריער־אויסגערעכנטע אַקטיאָרן האָבן ביי די „ווילנער" געווירקט — אין פאַרשידענע תקופות, קירצער אָדער לענגער — די אַקטיאָרן: אידאַ קאַמינסקאַ, העלענע גאָטליב, נעמי און שמחה נאַטאַן, העברי טאַרלאָ (אומגעבראַכט אין ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1937), מאיר מעלמאַן, אסתר גאָלדנבערג, סימי וויינ־שטאָק, יוכבד ווייסליץ, דוד ליכט, דוד פרענקעל, אסתר ראַפּעל און זלמן הירשפעלד, רות טארו, דוד בירנבוים, יעקב מאַנסדאָרף, יעקב קורלענדער, בת־שבע קרעמער, נחום מעלניק, משה פּאָטאַשינסקי, חיים בראָקאָזש, יצחק גרודבערג, דבורה ראָזנבלום, חנוך לעווענשטיין, יוסףווידעצקי, ש. קאַץ, — צום סוף אפילו לידיאַ פּאָטאָצקאַ און אַ סך אַנדערע.

די „ווילנער" — דאָס איז געווען אַ טעאַטער אין פּוילן זין פון וואָרט — ביי אַלע זייערע חסרונות און אַלע וואַנדערונגען, שטרויכלונגען און קריזיסן, וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט. זיי זענען געווען דאָס באַדייטנדיקסטע יידישע טעאַטער, וואָס דאָס יידישע פּוילן האָט אַרויסגעגעבן אינעם פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

## ב.

דאָס צווייטע טעאַטער פון אַן ענלעכן פאַרנעם און כאַראַקטער — אָבער מיט אַ קירצערער ווירקונג־תקופה — איז געווען דאָס וואַרשעווער יידישער קונסט־טעאַטער („וויקט״). דער „וויקט״ איז געווען דאָס לעגיטימע קינד פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ־טעאַטער (איר נאָמען האָט נאָך באַשיינט די ערשטע אַפישן פון „וויקט״) און — פונעם „צענטראַל״־טעאַטער, וואָס איז געווען אין די מלחמה־יאָרן די היים פון דער אייראָפּעישער אָפּערעטע (ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל).

ביים באַטראַכטן דאָס יידישע טעאַטער אין פוילן — און דער עיקר אין וואַרשע — מוז מען תמיד האָבן אין זין די דעצידירנדיקע ראָל, וואָס עס האָט געשפּילט די פראַגע פון בנין ביים אַנטשטיין און צעפאַלן פון טעאַטערס און אפילו ביים פאַרמירן זיך פון זייער כאַראַקטער. „צענטראַל״־טעאַטער, ד.ה. דער בנין, איז טאַקע אין אַ געוויסן פעריאָד געווען אַ סימן מובהק פונעם אויפשטייג פון יידישן טעאַטער.

דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט זיך צעבושעוועט אויף דער יידישער גאַס בעת און נאָך דער פויליש־סאָוויעטישער־מלחמה (1920—1919) האָט צע־טרייסלט די באַזע פון דער אָפּערעטע, פון דעם רייכן פאַרוויילונג־טעאַטער. די מערהייט אָפּערעטן־שטערנס האָבן אויסגעוואַנדערט פון פוילן און „צענטראַל״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַזוי גערופענער חברים־טרופּע מיט אַ געמישטן רעפּערטואַר. סוף 1920 שפּילט דאָרט אַ חברים־טרופּע מיט אַזעלכע באַדייטנדיקע שוישפּילערישע כוחות ווי א. סאַמבערג און ש. לאַנדוי. צו זיין שטייען צו אַ קורצע צייט שפּעטער: אסתר רחל און אידאַ קאַמינסקאַ, זיגמונט טורקאָוו א.א. „צענטראַל״ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעפּיינערט פאָלקס־טעאַטער, און צום סוף — אין דער היים פון אַ יידיש־דראַמאַטישן טעאַטער. אַזוי איז עס אויך פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין עקזיסטענץ (פרילינג 1925, ווען דער בנין גייט אַריבער אינעם רשות פון מלוכהשן... ספּירט־מאָנאָפּאָל).

די געציילטע יאָרן „צענטראַל״ האָבן געבראַכט דעם יידישן טעאַטער אַ גרעסערע צאָל וואָגיקע קינסטלערישע פאָרשטעלונגען און האָבן אַרויסגעהויבן איינִיקע באַדייטנדיקע אַקטיאָרישע פערזענלעכקייטן און זיגמונט טורקאָוון, ווי אַ נאָוואַטאָרישן, וואַגנדיקן רעזשיסער. זיי האָבן אויך אויסגעפורעמט דאָס וואַרשעווער יידישער קונסט־טעאַטער („וויקט״).

אין „צענטראַל״־טעאַטער זענען קודם כל געשטעלט געוואָרן אַ צאָל פּיעסן

פון יידישן און אייראָפּעיִשן רעפּערטואַר — רעזשיסירט פון אידאַ קאַמינסקאַ, א. סאַמבערג, אָדער ש. לאַנדוי. עס טיילט זיך אָבער שוין דאַן אויס איין פאַרשטעלונג — די אוראויפפירונג פון אַ נייער יידישער פּיעסע, „כסא הרבנות" פון אלתר אייזנשלאָס — אין דער רעזשי פון זיגמונט טורקאָוו. אין דער זעלבער רעזשי ווערן שוין ווייטער געשטעלט די קלאַסישע קאָמעדיעס — מאָליערס „דער קאַרגער" (יידיש: א. איינהאָרן) און גאָגאָלס „רעוויזאָר" (יידיש: ז. סעגאַלאָוויטש), וואָס ווערן ערנסטע קינסטלערישע געשעענישן אין דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן טעאַטער אין פוילן. דער גרעסטער דערפאָלג פונעם „צענטראַל" אין יענער תקופה איז אָבער געווען שלום אַשס „מאָטקע גנב", (רעזשי: ש. לאַנדוי — ז. טורקאָוו), וואָס איז גאָר אומדערוואַרט געוואָרן אַ מין צווייטער „דיבוק" — אפשר די צום מיינסטן געשפּילטע יידישע פּיעסע, סיי אין פוילן, סיי אויף די וועלט־עטאַפּן פונעם יידישן טעאַטער. אוודאי איז עס אין אַ גרויסער מאָס געווען צוליב דעם סענסאַציאָנעלן שטאָף (אונטערוועלט), אָבער נישט ווייניק האָט דאָ געווירקט אויך דאָס קאָנצערט־שפּילן פון די אַקטיאָרן: א. סאַמבערג („מאָטקע"), קלאַראַ סעגאַלאָוויטש („מערי"), משה ליפּמאַן („קאַנאַריק"), וו. גאָדיק („קליינער מאָטקע), דוד לעדערמאַן („דער בלינדער לייב"), העלענע גאָטליב (מאָטקעס מאַמע), א. פּאָליפּאַדע („מלך"), ש. ווײַנטרויב („שלמהקע") א.א. די אויבן אויסגערעכנטע נעמען גיבן אונדז שוין אַ באַגריף וועגן דער אַקטיאָרישער וואָג פונעם טעאַטער בכלל.

ס'איז נאָך געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו איבערצוחזרן אַן ענלעכן מאַטעריאַל, ווי „מאָטקע גנב" — די דראַמאַטיזאַציע פון יוסף אָפּאַטאָשוס „הייס בלוט" — אָבער דעם דערפאָלג איז נישט געלונגען איבערצוחזרן. נאָך איניקע דורכשניטלעכע אויפפירונגען (די ווינער קאָמעדיע „ד"ר שטיגליץ", די אַמעריקאַנער „פּאָטאַש און פּערלמוטער" און צווישן די ביידע — „דער דיבוק") טיילן זיך אָפּ (פרילינג 1923) אויף איניקע חדשים פונעם „צענטראַל" קיין ווילנע: אסתר רחל און אידאַ קאַמינסקאַ, זיגמונט טורקאָוו א.א. אין „צענטראַל" ווערן דאַן אויפגעפירט י. בערגערס „דער מבול" און שלום עליכמס „דאָס גרויסע געווינס" (רעזשי וואָלף זילבערבערג). אין די פאַרשטעלונגען האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט: א. סאַמבערג (אין די הויפּטראָלן) און וו. גאָדיק (אין עפּיזאָדן). זומער טיילן זיך ווייטער אָפּ פון „צענטראַל" א. סאַמבערג, העלענע גאָטליב (ביידע גייען אַוועק צו די „ווילנער") און נאָך איניקע אַקטיאָרן און אויף זייער אָרט קומען צוריק די פריער־דערמאָנטע מיט איניקע יונגע אַקטיאָרן, וואָס האָבן מיט זיי געשפּילט אין ווילנע. אַ קנאַפּ יאָר צייט שפּילט דער דאָזיקער קאָלעקטיוו צוזאַמען מיט אַ גרופּע

סטאַבילע „צענטראַל״־אַקטיאָרן. אין דער צייט ווערן ♦ס געמאַכט זיגמונט טורקאָווס באַדייטנדיקסטע אויפפירונגען: לעאָניד אַנדרעיעווס „זיבן געהאָנגענע״ (דראַמאַטיזאַציע: דאַשעווסקי־קראַנץ); די אוראויפפירונג אין פּראָפעסיאָנעלן טעאַ־טער (די אייגנטלעכע אוראויפפירונג איז דאָך פאָרגעקומען מיט זעכציק יאָר פריער אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, ווו די הויפּט פּרויען־ראָל האָט געשפּילט... אברהם גאָלדפאַדען) פון דער הונדערט־יעריקער יידישער קאָמעדיע — ד״ר שלמה עטינגערס „סערקעלע״ מיט אסתר־רחל קאַמינסקאַ אין דער טיטל־ראָל. אין דער־קאָמעדיע איז אויף אַ היינטצייטיקן אופן געוויזן געוואָרן אַ פאַרביקע גאַלעריע געשטאַלטן פונעם יידישן עבר: אַ קאָנצערט־פּאָרל פון משרתים אידאַ קאַמינסקאַ און וו. גאָדיק; כאַראַקטער־טיפּן פון שמואל לאַנדוי, סאָניע אַלטבוים, אַדאַם דאָמב, זיגמונט טורקאָוו, דוד לעדערמאַן, ווי אויך די דאַן יונגע אַקטיאָרן יעקב מאַנדלבליט (אומגעקומען ווי פּאַרטיזאַנער אין די לעמבערגער קאַנאַלן) און פסח קערמאַן (געשטאָרבן אויף די אומוועגן פון עוואַקואַציע אין ראַטנפאַרבאַנד). ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַ געוואַגטער עקספּערימענט מיטן „פריזיוו״ פון מענדעלע מוכר ספרים (מיט אינטערמעדיעס פון י. מ. ניימאַן און די אומפאַרגעסלעכע קרעאַ־ציעס פון ש. לאַנדוי, א. דאָמב, יאָנאַס טורקאָוו); יוליוס בערסטעלס „דער זינדיקער הער טשו״; יעזשי זשולאַווסקיס „שבתי צבי״ (אין דער איבערזעצונג פון י.י. זינגער) — מיט זיגמונט טורקאָוו אין דער טיטל־ראָל; אידאַ קאַמינסקאַ, שמואל לאַנדוי — אין וויכטיקע הויפּטראָלן און משה ליפּמאַן, יאָנאַס טורקאָוו, וו. גאָדיק, ש. וויינטרויב אין איינדרוקספולע געשטאַלטן; שלום עליכמס „טוביה דער מילכי־קער״, ווו ס׳האָט ווידער אויפגעטרייסלט אסתר רחל קאַמינסקאַ מיט איר „גאָלדע״ (זיגמונט טורקאָוו אין דער טיטל־ראָל און אידאַ קאַמינסקאַ — „חוה״); אַ מאָדער־ניזירטע אויפפירונג פון אַ. גאָלדפאַדענס „צוויי קוני־לעמל״ (מיט דעקאָראַציעס פונעם פוילישן סצענאָגראַף י. גאַלעווסקי) — מיט גאָדיק און לעדערמאַן, אסתר רחל, ש. לאַנדוי, מ. ליפּמאַן, דיאַנאַ בלומענפעלד און ס. אַלטבוים אין די הויפּט־ראָלן. מיט די געלונגענסטע פּאָזיציעס פון דעם דערמאָנטן רעפּערטואַר פאַרמירט זיך די טרופּע ווי דאָס „וואַרשעווער יידישע קונסט טעאַטער״ („וויקט״) און פאָרט אַרויס אין אַ טורנע איבער פוילן. „צענטראַל״ נעמט איבער משה ליפּמאַן (וועלכער האָט זיך מיט זיין פרוי נאַטאַליאַ אָפּגעטיילט פון „וויקט״) און שפּילט דאָרט ביז דער ליקווידאַציע פונעם בנין מיט אַן אַנסאַמבל, אין וועלכן ס׳זענען אַריין: קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, זינאַ ראַפּעל, שמחה וויינטרויב, פעלאַ גאַרבאַזש, יצחק קרעלמאַן, העניע שאַרלאָ, יצחק נאָזשיק און אַ צאָל צוקאָאָפּטירטע אַקטיאָרן, וואָס האָבן ביז דאַן געוואַנדערט מיט פאַרשידענע פּראָווינץ־טרופּעס, ווי למשל דער הויכטאַלענ־

טירטער כאַראַקטער־עפּיזאָדיסט חיים סאַנדלער (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ), דער באַגאַבטער אייזיק ראָטמאַן (געשטאָרבן מיט אַ קורצער צייט צוריק אין דגניה ב׳, ווּ זיין זון איז אַ חבר); דער צאַרטער דוד קייזעראָוויטש, דער ערנסטער דוד שערמאַן (ביידע אומגעקומען אינעם וואַרשעווער געטאָ) א.א.

משה ליפּמאַן (געשטאָרבן מיט אַ צען יאָר צוריק אין טשילע), וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין אויפבלי פון זיינע אַקטיאָרישע מעגלעכקייטן, איז אין משך פון דעם יאָר געווען דער איינציקער רעזשיסער פון „צענטראַל״ (מיטן אויסנאַם פונעם קורצן פּעריאָד פון א. מאָרעווסקיס גאַסטשפּילן). זיינע רעזשיסערישע אַרבעטן האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערע וואָג — זיי זענען אין בעסטן פאַל געווען אַ קאָרעקטע טעאַטער־מלאכה. אַ שטייגער — מענדעלעס „פּישקע דער קרומער״ (אין דער דראַמאַ־טיזאַציע פון יעקב וואַקסמאַן) איז געווען געלעזט אָן אינעווענק. געלונגענער איז שוין געווען שלום אַשס „דער יחוס״ — קודם כל צוליב די קרעאַציעס פון משה ליפּמאַן און חיים סאַנדלער. אָבער אַ באַדייטנדיקער דערפאָלג איז געווען א. דאַשעווסקיס דראַ־מאַטיזאַציע פון וויקטאָר הוגאָס „דער גיבור אין קייטן״ מיט אויסגעצייכנטע קרעאַצעס פון: משה ליפּמאַן (זשאַן וואַלזשאַן), אייזיק ראָטמאַן („זשאַווער״), שמחה וויינטרוב („שאַרמאַנטיע״), זינע ראַפּעל („פאַנטינע״), דוד קייזעראָוויטש („בישאָף). אַן איינדרוק האָט אויך געמאַכט י.ד. בערקאָוויטש׳עס „מאָשקע חזיר״ מיט אינטערע־סאַנטע געשטאַלטן פון ביידע ליפּמאַנס, ח. סאַנדלער, א. ראָטמאַן, י. קרעלמאַן, י. נאָזשיק, ד. קייזעראָוויטש. ס׳איז אויך אויפגעפירט געוואָרן די כלומרשט מאָדער־ניזירטע, „כישופמאַכערין״ פון א. גאָלדפאַדען מיט ד. קייזעראָוויטש און ח. סאַנדלער (די באָבע יאַכנע), קלאַראַ סעגאַלאָוויטש (מירעלע), א. ראָטמאַן (האָצמאַך).

אָבער דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט צייכנט זיך בעיקר אויס מיט די גאַסט־שפּילן פון אברהם מאָרעווסקי. נישט אַזוי צוליב זיין אויפטריט אין „קין״ פון אַ. דיומאַ, אָדער אַנסקיס „דיבוק״ (אין מאָרעווסקיס נייער קאָנצעפּציע), נייערט צוליב דער אורויפפירונג פון אַלטער קאַציזנעס „דער דוכוס״ (רעזשי פון א. מאָרעווסקי; מיזאַנסצענעס — מ. ליפּמאַן; דעקאָראַציעס פון משה אַפּלבוים, וועלכער איז אויך אין פריערדיקן סעזאָן געווען דער הויפּט־דעקאָראַטאָר פון „צענטראַל״). דאָס איז בכלל געווען די ערשטע אויפפירונג פון אַלטער קאַציזנעס אַ פּיעסע (אויב נישט צו רעכענען זיין פאַרענדיקונג פון אַנסקיס „טאָג און נאַכט״). מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן די סצענישע קאַריערע פון אַלטער קאַציזנע, דעם דיכטער, פּראָזאַיקער און איינעם פון די באַדייטנדיקסטע יידישע דראַמאַטורגן (אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון אוקראַיִנישע הענט אין טאַרנאָפּאָל). דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנטער פּרווו אַרויסצוברענגען יידיש־פּוילישע באַציִונגען

אין אַ געוויסער היסטאָרישער תקופה (דער „ווילנער גר־צדק”). קאַציזנע האָט געשאַפן איניקע שאַרף־געצייכנטע געשטאַלטן, אין וועלכע עס האָבן זיך אויס־געצייכנט: א. מאָרעווסקי (דער אַלטער דוכוס — איינע פון זיינע בעסטע קרעאַ־ציעס); קלאַראַ סעגאַלאָוויטש (נחמהלע), חיים סאַנדלער (דער קרעטשמער), נאַטאַליא ליפּמאַן (די קרעטשמערקע), שמחה וויינטרויב (דער שניידער), דוד קייזעראָוויטש (דער גלח), פעליע גאַרבאַזש (די אַלטיטשקע) און אין אַ געוויסער מאָס — יצחק קרעלמאַן (גר־צדק), אייזיק ראָטמאַן (לץ).

אין דער זעלבער צייט האָט דער „וויקט” געמאַכט זיין גרויסן טורנע איבער פּוילן מיט זיינע וואַרשעווער דערגרייכונגען. ס׳חזרט זיך איבער עפּעס ענלעכס צו דעם פאַנטאַסטישן דערפאָלג פון די „ווילנער” אַמאָל. דער דערפאָלג פון „וויקט” איז גרויס געווען בעיקר אין גאַליציע, פאַר וועלכער די קינסטלערישע יידישע טעאַטערס זענען געווען אַן אַנטפּלעקונג אין פאַרגלייך מיטן לעמבערגער גימפּעל־טעאַטער, אָדער די וואַנדער־אַנסאַמבלען פון ק.מ. עבעל, ב. האַרט, א. מעלצער א.א. צום סוף פון 1924—1925 פאַרט אַריבער כמעט דער גאַנצער קאָלעקטיוו פון „וויקט” קיין ווילנע, ווו ער ווערט פאַרשטאַרקט מיט א. סאַמבערג, העלענע גאָטליב, שלמה קוטנער, לייב שריפטזעצער, אברהם קורץ. דאָרט ווערן דאַן אויפגעפירט די מערסטע פריערדיקע „וויקט”־ספּעקטאַקלען און ס׳ווערן געמאַכט דורך ז. טורקאָוו נייע אויפפירונגען פון גרויסן פאַרנעם, ווי הערי סעקלערס „יזכור”, וויקטאָר הוגאָס „גלאָקנציער פון נאָטרדאַם” (דראַמאַטיזאַציע — י. וואַקסמאַן). אין דער פאָרשטעלונג טאַקע האָט אסתר רחל קאַמינסקאַ געשאַפן איר לעצטע קרעאַציע (די אומגליקלעכע מוטער אין שטייג) — בעת די קורצדויערנדיקע גאַסטשפּילן פונעם „וויקט” אין וואַרשע (קאַמינסקיס טעאַטער), זומער 1925 — איניקע חדשים פאַר איר פּריצייטיקן טויט. אין ווילנע זענען אויך אויפגעפירט געוואָרן אַ צאָל קאַמעראַלע פּיעסן, מיט וועלכע ס׳האָבן זיך (נאָכן פאַנאַנדערפאַ־ פון „וויקט”) אָנגעהויבן די גאַסטשפּילן פון אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו איבער דער פּוילישער פּראָווינץ („ווען דער טיזול לאַכט” פון סאָפיאַ ביעלאַ־, יידיש אידאַ קאַמינסקאַ; „די ראָמאַנטישע נאַכט” פון ה. באָכוויץ און „מאָרפיום” פון ל. הערצער — ביידע אין דער איבערזעצונג פון יצחק טורקאָוו). מיט נאָך אַ צאָל קאַמעראַלע פּיעסן האָלט עס אָן (מיט קורצע איבעררייסן און ענדערונגען אינעם רעפּערטואַר און אַנסאַמבל) ביזן סעזאָן 1926—1927, ווען דער „וויקט” באַנייט זיין טעטיקייט אין וואַרשעווער קאַמינסקי־טעאַטער אונטער דער לייטונג פון אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו — מיט דער גרויסער אויפפירונג פון א. גאָלד־פאַדענס „לא תחמוד” (לכבוד 50 יאָר יידיש טעאַטער) אין דער רעזשי פון זיגמונט

טורקאָוו, אינטערמעדיעס פון משה בראָדערזאָן, מוזיקאַלישע באַאַרבעטונג פון יוסף קאַמינסקי, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען — יוסף שליוניאַק, טענץ — אירענאַ אַמבראָזשיעוויטש. דאָס איז געווען אַ גראַנדיעזער, מאָדערנער, אַקטואַליזירטער, פאַרביקער ספעקטאַקל מיט אידאַ קאַמינסקאַ (יצר טוב), משה ליפּמאַן (יצר הרע), סאָניע אַלטבוים און ר. שושנה (ביידע יונגע ווייבלעך), דוד לעדערמאַן און מאיר מעלמאַן (ביידע יונגע מענער) אין די פירנדיקע ראָלן און מיט דער גאַנצער „וויקט״־יוגנט אין עפּיזאָדן: דינה האַלפּערין, אסתר און חנה ראַפּעל, פרידע לוריע, רות טארו; חבל בוזגאַן, יעקב מאַנדלבליט, זלמן הירשפעלד, דוד בירנבוים, יצחק גרודבערג, פסח קערמאַן, יצחק אינוועטאַזש.

אַ וויכטיקע געשעעניש אין דעמלטדיקן יידישן טעאַטער איז געווען די אויפפירונג פון ראָמען ראָלאַנס „די וועלף״. דאָס איז געווען איינע פון די באַדייטנדיקסטע רעזשיסערישע אויפטוען פון זיגמונט טורקאָוו (יידיש: יצחק טורקאָוו, דעקאָראַציעס — וו. וויינטרויב), מיט אַ גאַלעריע מאַרקאַנטע געשטאַלטן: טעיע (זיגמונט טורקאָוו), קענע (אַדאַם דאָמב), ווערא (משה ליפּמאַן), ד׳איראָן (מאיר מעלמאַן), קוריער (זלמן הירשפעלד) א.א.

די דריטע אויפפירונג איז געווען אַ דורכגעפאַלענער עקספּערימענט: יעקב פּאַטס אַ... ציוניסטישע פּיעסע — „אין גאָלדן לאַנד״, אין דער רעזשי פון ז. טורקאָוו, אָריגינעלע דעקאָראַציעס פון מאַנע קאַץ, אויסגעפירט פון אריה מערזער, מוזיק — יוסף קאַמינסקי.

אין דער צווישנצייט ווערן געשפּילט אַ צאָל קאַמעראַלע פאָרשטעלונגען („מאָרפיום״, פון הערצער, „דער געדאַנק״ — פון לעאָניד אַנדרעיעוו. אין דער איבערזעצונג פון אידאַ און ז. טורקאָוו) און אַ צאָל באַנייאונגען. עס ווערט אויך געשטעלט די נייע פּרעמיערע: דוד פּינסקיס „דער אוצר״ (רעזשי — ז. טורקאָוו, דעקאָראַציעס — יאַנוש טרעפּלער) מיט אידאַ קאַמינסקאַ (טיליע), משה און נאַטאַליאַ ליפּמאַן (דאָס קברן־פּאָרל), א. דאָמב (יודקע), י. מאַנדלבליט (סאָסקין), ז. הירשפעלד (ראש הקהל) א.א.

די לעצטע פאָרשטעלונג פון סעזאָן איז געווען: פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקיס „די ברידער קאַראַמאַזאָוו״ אין דער איבערזעצונג און דראַמאַטיזאַציע פון אידאַ קאַמינסקאַ, רעזשי: ז. טורקאָוו. נישט געקוקט אויף די באַדייטנדיקע קרעאַציעס פון א. קאַמינסקאַ, ז. טורקאָוו, א. דאָמב, מ. מעלמאַן, ד. לעדערמאַן, ז. הירשפעלד, ס. אַלטבוים, י. מאַנדלבליט, י. גרודבערג א.א. — גייט די פאָרשטעלונג נישט אַריבער די ראַמפּע.

מיט די דאָזיקע דעראָבערונגען פאָרט דער „וויקט״ אַרויס אויף אַ טורנע

איבער פּוילן און דאַן, אין סעזאָן 1927—1928, גאָכן איבערבויען דעם אַנסאַמבל, אויף אַ גרויסן טורנע איבער רומעניע. פון דאָרט קומען צוריק די אָנפירער פון „וויקט" מיט אַ קליינעם טייל פון זייער אַנסאַמבל און מאַכן אַ טורנע פון „קליינעם וויקט" (1928—1929) מיט יו. אָ׳נעילס די „תאוה" (רעזשי: ז. טורקאָוו, יידיש — יצחק טורקאָוו); אַנרי בערנשטיינס „שמשון": (רעזשי — אידאַ קאַמינסקאַ, יידיש — א. און ז. טורקאָוו); וו. קאַטאַיעווס „די קוואַדראַטור פון ראָד" (יידיש — א. קאַמינסקאַ, רעזשי — ז. טורקאָוו), סעמיאָן יושקיעוויטש „דעם אָרעמאַנס מזל" („סאָנקין") אין דער איבערזעצונג פון א. און ז. טורקאָוו, רעזשי — אידאַ קאַמינסקאַ; „אַמאָל איז געווען אַ מלך" — אַ פּיעסע פון אידאַ קאַמינסקאַ רעזשיסירט דורך איר גופא.

נאָך דעם טורנע צעפאַלט זיך דער „וויקט" בכלל און ס׳הייבן זיך אָן באַזונ־דערע טורנעען פון אידאַ קאַמינסקאַ מיט אַ קליינעם אַנסאַמבל, אָדער פון זיגמונט טורקאָוו — מיט אַן ענלעכן אַנסאַמבל. פון די טורנעען וואַקסט טאַקע אַרויס דער „אידאַ קאַמינסקאַ־אַנסאַמבל", וואָס האָט אויך אָפּגעשפּילט אַ געוויסע ראָל אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה.

די ערשטע טורנעען פון דעם אַנסאַמבל הייבן זיך אָן אין 1929—1930 (גאַבריעלאַ זאַפּאָלסקאַס „פרייליין מאַלעטשעווסקאַ", אין דער איבערזעצונג און רעזשי פון אידאַ קאַמינסקאַ, „פרייליין דאָקטאָר" פון יעזשי טעפּאַ, יידיש— לעאָן ווײַנשטאָק; פראַנצויזישע בולוואַר־קאָמעדיעס און אַמעריקאַנער מעלאָדראַמעס — אַלע אין דער איבערזעצונג און רעזשי פון אידאַ קאַמינסקאַ). דער אַנסאַמבל ראַנגלט זיך איניקע יאָר מיט גרויסע שוועריקייטן און שטייגט פּלוצלונג אַרויף מיט אידאַ קאַמינסקאַס אויפפירונג פון מאַקס באַומאַנס „גליקל פון האַמעלן" (יידיש — סימי ווײַנשטאָק, סצענאָגראַפיע פון פּוילישן קינסטלער איוואָ גאַל) — אַ פאָרשטעלונג, וואָס האָט אין דער דאַן אויפגעגאַנגענער היטלעריסטישער כוואַליע געקלונגען ווי אַ וואָרענונג און מאָביליזאַציע־רוף. זי האָט אויך געגעבן די מעגלעכקייט פאַר אידאַ קאַמינסקאַ צו באַווייזן זיך אין איינער פון אירע בעסטע קרעאַציעס. זינט דאַן — שוין ביזן אויסברוך פון דער מלחמה — געפינט זיך דער אידאַ קאַמינסקאַ־אַנסאַמבל אין די פאָדערשטע רייען פונעם יידישן טעאַטער אין פּוילן. ס׳ווערן דורך אים אויפגעפירט צווישן אַנדערע: לאָפּע דע וועגאַס „שעפּסן־קוואַל" — איינער פון די באַדייטנדיקסטע קלאַסישע ספּעקטאַקלען אינעם יידישן טעאַטער אין פּוילן; אידאַ קאַמינסקאַס דראַמאַטיזאַציע פון יהושע פערלעס „נייע מענטשן"; אַ מאָדערניזאַציע פון א. לאַטיינערס „שרה שיינדל פון יעהופּעץ" — באַאַרבעט פון משה בראָדערזאָן, מוזיק פון ישראל שייעוויטש; אַ צאָל גאָרדין־פּיעסן און אויך

נייע אייראָפּעישע פּיעסן (איבערגעזעצטע פון אידאַ קאַמינסקאַ). מיט אידאַ קאַמינס־קאַ האָט זיך דאַן צונויפגעשפּילט אַ שטענדיקער אַנסאַמבל, וואָס זיין קערן איז באַשטאַנען פון: סאָניע אַלטבוים, אַדאַם דאַמב, מאיר מעלמאַן, אידאַ נאַטאַן, רות טורקאָוו, יעקב קורלענדער, נתן מייסלער, יעקב גינצבערג און אַ געוויסע צייט אויך: רחל האָלצער, אסתר גאָלדנבערג, ראָמאַ לערער, זיסל גאָרליצקאַ, יעקב רייגלאַס ווי אויך די שטענדיקע מיטאַרבעטער פון אידאַ קאַמינסקאַ זייט יאָרן: דוד העלפּמאַן און חיים גאָלדזאַדער.

דער אידאַ קאַמינסקאַ־אַנסאַמבל האָט שפּעטער, אין דער סאָוויעטישער צייט אין לעמבערג, משפיע געווען אויפן צוזאַמענשטעל פון דאָרטיקן יידישן מלוכה־טעאַטער און בלי שום ספק — אויפן יידישן מלוכה־טעאַטער אין פּוילן ביזן היינטיקן טאָג.

אַ יאָר פאַר דער מלחמה איז אויך פאָרגעקומען אַ ווידערבאַנייונג פון „וויקט" — נאָכדעם ווי זיגמונט טורקאָוו איז צוריקגעקומען פון זיינע אויסלענדישע טורנעען. אין סעזאָן 1938—1939 הייבט אָן דאָס טעאַטער זיין טעטיקייט אינעם לעמבערגער „קאָלאָסעום" מיט שלום אַשס „אָנקל מאָזעס" (אין דער דראַמאַטיזאַציע פון אידאַ קאַמינסקאַ), שלום עליכמס „בלאָנדזשענדיקע שטערן" (דראַמאַטיזאַציע פון מאַרק ראַזומני, לידער־טעקסטן פון איציק מאַנגער, מוזיק — געאָרג האַלפּערן) און באַנייונגען פון זיגמונט טורקאָווס אַנדערע אויפפירונגען. אָבער די היסטאָ־רישע באַדייטונג פון יענער תקופה איז געווען: דאָס צוריקגיין צו גאָלדפאַדענען, צי אַ מאָדערניזירטן, אָפּגעפרישטן, מ'קאָן זאָגן אַ באַנייטן גאָלדפאַדען.

אין לעמבערג האָט זיך דאַן געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט צו שטיצן דעם „וויקט" — מיט ד"ר לייב לאַנדאו בראש — און ס'קומען דאַן די איבעראַשנדיקע אויפפירונגען: „שולמית", אין דער באַאַרבעטונג און רעזשי פון זיגמונט טורקאָוו, מוזיק־באַאַרבעטונג פון שלמה פּריזאַמענט, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון פריץ קליינמאַן, כאָרעאָגראַפיע פון בעלאַ קאַץ. די דערמאָנטע פאָרשטעלונג איז בלויז אין לעמבערג דאַן געשפּילט געוואָרן 80 מאָל נאָכאַנאַנד און אין וואַרשע, נאָך צענדליקער מאָל — שוין אייניקע טעג אין דער מלחמה אַריין, אין סעפּטעמבער 1939, ווען אַלע טעאַטערס האָבן אויפגעהערט צו שפּילן צוליב די באָמבאַרדירונגען. דאָס איז געווען אַ זוניקע, פריידיקע פאָלקס־אָפּערע — מיט דער באַטייליקונג פון אָפּערן־זינגער ליובא לעוויצקאַ (שולמית), אַלבערט פעלער (אבשלום), דידיאָ עפּשטיין (יואב) און וואָגיקע אַקטיאָרישע קרעאַציעס פון פּערל אוריך (אביגיל) עני ליטאָן (צינגעטאַנג), דעם יונגיטשקן מישאַ נאַטאַן

(מאַ־גרב), יצחק גרודבערג (חנניה), אהרן אייזנבערג (נתן הכהן) חיים ניסנצוויג (מנוח) א.א.

גרעגאָלדפאַדעניש איז געווען דער פּרווו פון אַ בראָדער זינגער־מאַנטאַזש א.ג. „די בראָדער זינגער״ — טעקסט פון ישראל אַשענדאָרף, מוזיק פון שלמה פּריזאַמענט, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון פריץ קליינמאַן, כאָרעאָגראַפיע — בעלאַ קאַץ, מיט גלאַנץ־לייסטונגען פון ז. טורקאָוו (די באבע), שמחה נאַטאַן (דער גבאי), עני לעטאַן (סאַלטשיע) אסתר פּערלמאַן (די רכילותניצע), יעקב מאַנדל־בליט (דער רבי).

די לעצטע גרויסע „וויקט״־אויפפירונג איז געווען: ישראל אַשענדאָרפס באַאַרבעטונג פון א. גאָלדפאַדענס „בר־כוכבא״, מוזיק באַאַרבעט דורך ש. פּרי־זאַמענט, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון פריץ קליינמאַן. דאָס איז געווען דער מאָנומענטאַלער נאַציאָנאַלער יידישער ספּעקטאַקל, אין וועלכן ס׳האָט זיך געעניי־טיקט די יידישע מאַסע אין יענע קריטישע טעג. דער פאַרנעם פון דער פאָרשטעל־לונג איז ווייט אַריבערגעשטיגן איבערן דורכשניט פון יידישן טעאַטער, אַזוי אויך די אויספירונג. די זינגער: א. פעלער (בר־כוכבא), ליובאַ לעוויצקאַ (דינה), דידיאַ עפּשטיין (אליעזר) ג. מעסער (קעמפער); די אַקטיאָרן — שמחה נאַטאַן (פּאַפּוס), י. גרודבערג (רב עקיבא), חיים ניסנצוויג און מישאַ נאַטאַן (קעמפער) — האָבן ממש אויסגעהאַמערט זייערע געשטאַלטן.

קורץ פאַר דער מלחמה האָט דער „וויקט״ פאַרהאַנדלט מיט אַלטער קאַציזנע וועגן צוגרייטן וויטערדיקן רעפּערטואַר אין דעם גייסט פון די לעצטע אויפפירונגען ווי פאַר אַ נאַציאָנאַל פאָלקס־טעאַטער אויף אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה. די באָמבע, וואָס איז אויפן פינפטן טאָג פון דער מלחמה געפאַלן אויפן בנין פון „נאָוואָשטשי״־טעאַטער אין וואַרשע, ווו דער „וויקט״ האָט דאַן געשפּילט, האָט חרוב געמאַכט אַ טייל פון דער בינע, די דעקאָראַציעס און — אַלע אילוזיעס, פּלענער און פאַרמעסטן. צוזאַמען מיט די ערשטע היטלער־קרבנות אין פוילן איז אויך אומגעקומען דער אינטערעסאַנסטער געלונגענער פּרווו פון דער לעצטער תקופה פונעם גרויסן יידישן טעאַטער אין פוילן — דער פּרווו צו שאַפן דאָס יידישע פאָלקס־טעאַטער.

ג.

ס׳זענען נאָך געווען אויפן געביט פון יידישן טעאַטער אין פוילן אַנדערע פאַרשידענע פּרוּוון — פון גרעסערן אָדער קלענערן פאַרמעסט — און לאו דווקא

אין וואַרשע בלויז. דאָס זענען פּרווון פון פאַרשידענע קינסטלערישע זשאַנרען און פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

אין 1922 איז אין לאָדזש געשאַפן געוואָרן דאָס ערשטע יידישע מאַריאָנעטן־טעאַטער „חד גדיא" — אונטער דער אָנפירונג פון משה בראָדערזאָן און הענעך קאָן, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פונעם קינסטלער יצחק ברוינער, דעם שרייבער י.מ. ניימאַן און שפּעטער — דעם דאַן יונגיטשקן סטעפאַן געלבאַרט. דאָס איז געווען אַ טעאַטער פון געזעלשאַפטלעכער סאַטירע, שאַרזש און סתם קיבעץ.

די דערמאָנטע גרופּע האָט שפּעטער אייניקע מאָל געמאַכט פּרווון צו באַנייען די עקזיסטענץ פון „חד־גדיא". דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער טעטיקייט פון קליינקונסט־בינעס. ס'איז אויך געווען אין ווילנע אַ מאַריאָנעטן־טעאַטערל — מיידים" — מיט א. באַסטאָמסקי, דעם דיכטער לייזער וואָלף, מיכטאָם, דעם קינסטלער טייטלבוים, שמשון קאַהאַן, ל. אגוז א.א. — אַ טעאַטערל, וואָס איז אין יאָר 1940 (בעת דער ראַטן־מאַכט אין ווילנע) פאַרמלוכהשט געוואָרן.

אַ יידישע אָפּערע איז אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשע — מיט דער הילף פון לאָדזשער קונסט־מעצענאַטן. דאָס איז געווען „דוד און בת־שבע" פון משה בראָדערזאָן, מוזיק הענעך קאָן, רעזשי — דוד הערמאַן, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען — וו. וויינטרויב. באַטייליקט אין דער אויפפירונג האָבן זיך: די אָפּערן־זינגער רות לעוויאַש און משה רודינאָוו; דער אָפּערעטע־זינגער שמעון אָרליוק; הענעך קאָן — ווי אַ זינגער א.א. די אָפּערע האָט געהאַט אַ קורצן קיום, דערפאַר אָבער האָט אין ווילנע, ביי דער דאָרטיקער יידישער מוזיק־שול, יאָרנלאַנג געווירקט אַן אַמאַטאָרישע אָפּערע אונטער דער אָנפירונג פון רפאל רובינשטיין. דאָס איז געווען אַ מין אָפּערן־סטודיע, וואָס האָט אויפגעפירט ערנסטע אָפּערעס: „טאָסקאַ", „האַלקאַ", „קאַרמען" א.א. אין גאַליציע איז געמאַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער פּרווו פון אַ יידישער פאָלקס־אָפּערע. צו דער דראַמאַטיזאַציע פון י.ל. פּרצס „דריי מתנות", האָט דער באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר חנא וואָלפסטאַל געשאַפן מוזיק. די אָפּערע איז אויך אויפגעפירט געוואָרן אין אַ קאָנצערט־פאָרם אין לאָדזש. אָפּערן־פּרווון זענען געמאַכט געוואָרן אין דעם גרעסטן און באַדייטנדיקסטן יידישן דראַמאַטישן קרייז אין פוילן — אַ אמת אַמאַטאָרן־טעאַטער (פאַר די סאָוויעטישע צייטן איז עס אגב פּראָפעסיאָנאַליזירט און פאַרמלוכהשט געוואָרן) — דעם גאָלדפאַדען־קרייז אין סטאַניסלאַוו.

דעם גאַנצן ערשטן אַרויסלאָז פון דער יידישער דראַמאַטישער שול (1925) האָט דוד הערמאַן פאַרוואַנדלט אין אַ טעאַטער־סטודיע אונטער זיין רעזשי און

אויפגעפירט מיט איר: אַנסקיס „דיבוק״, פּרץ הירשביינס „די גרינע פעלדער״, י.ל. פּרצס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ (אַן ערשטע ווערסיע פון הערמאַנען) און „ס׳ברענט״, פּרץ הירשביינס „אליהו הנביא״. אין דער סטודיע זענען געווען: פּערל קאַן, אסתר ראַפּעל, בת־שבע קרעמער, מרים קאַמינער, גינאַ גאָלד; יעקב מאַנסדאָרף, זלמן הירשפעלד, יעקב קורלענדער, אדאָלף וואָלפשטאַט, דוד בירנבוים, נחום מעלניק, משה פּאָטאַשינסקי, משה פּאָזנאַנסקי (פון אָנהייב אויך: אלינאַ סטער־ניצקאַ, משה פּערענזאָן און בער. י. ראָזען); שפּעטער זענען צוגעקומען: רות טאַרו, לאָלאַ זילבערמאַן, יצחק גרודבערג א.א. די סטודיע איז — כמעט אין איר פולן באַשטאַנד — אַריבער אין דעם ערשטן קליינקונסט־טעאַטער "אַזאַזעל". דוד הערמאַן האָט נאָך אַ פּאָר יאָר שפּעטער געפּרווט מיט אַ קאַמעראַלן אַנסאַמבל וואָס איז באַשטאַנען פון אָפּגעשפּאָלטענע ערשטקלאַסיקע אַקטיאָרן פון דער ווילנער טרופּע: דינאַ קעניג, נעמי נאַטאַן, יוסף קאַמען, שמחה נאַטאַן, יעקב ווייסליץ, יוכבד ווייסליץ, אויפצופירן די אייביק־אַקטועלע (אויך אין אונדזערע צייטן) פּיעסע „ראַסע״ (טאָקע וועגן ראַסן־פּראָבלעם). אָבער מיט דער פּיעסע האָט זיך דער פּרוּוו געענדיקט.

לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו די קליינקונסט־בינעס, וואָס האָבן אָפּגע־שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל אינעם צווישן־מלחמה־פּעריאָד. זייער בראשית איז געווען דער „אַזאַזעל״ — אונטער דער אָנפירונג פון טעאַ אַרטשישעווסקאַ (די אַמאָליקע פּרץ־סטודיאַנטין מרים איזראַעלס), ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון הענעך קאַן, משה בראָדערזאָן, משה נודלמאַן, דעם קינסטלער הענריק בערלעווי און דעם רעזשיסער דוד הערמאַן. אַ חוץ די יונגע כוחות פון דער דוד הערמאַן־סטודיע, האָט אין „אַזאַזעל״ דעביוטירט אין יידיש די יונגע פּוילישע אַרטיסטין אָלאַ לילית, דער „וויקט־אַקטיאָר וו. גאָדיק, ווי אַ קאָנפעראַנסיע; דער דערפאַרע־נער אַקטיאָר און זינגער פון דער אָפּערעטע, יוסף סטרוגאַטש (ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן איבערגענומען די אָנפירונג פון „אַזאַזעל״. נאָכדעם ווי דער טעאַטער איז צעפאַלן געוואָרן איז ער אַוועק קיין אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן אייניקע יאָר נאָך דער מלחמה); די יונגיטשקע ראָזאַ גאַזעל, ווי אויך יעקב ראָט־באַום, ווי אַ געהילף־רעזשיסער ביי דוד הערמאַנען. דער „אַזאַזעל״ איז ביז זיין צעפאַלן זיך (סוף צוואַנציקער יאָרן) אַדורכגעגאַנגען פאַרשידענע ענדערונגען: ס׳זענען פון אים אַוועק (קיין אַמעריקע) אָלאַ לילית און וו. גאָדיק (וועלכער איז אייניקע יאָר שפּעטער אַליין צוריקגעקומען קיין פּוילן און נאָך דער מלחמה געשטאָרבן אין וואַרשע ווי אַ פירנדיקער אַקטיאָר פון פּוילישן טעאַטער). ס׳איז אויך אַוועק דוד הערמאַן און די מערהייט סטודיאַנטן זיינע. אונטער סטרוגאַטשעס

אָנפירונג און רעזשי איז געוואָרן אַ וויכטיקער צושטעלער פון טעקסטן און מוזיק פאַרן „אַזאַזעל", דער פאָלקס־דיכטער, דער קדוש מרדכי געבירטיק. נייע פרויען־שטערנס זענען צוגעקומען: מאַלווינאַ ראַפּעל, נאַדיאַ קאַרעני, גינאַ גאָלד, פּערל אוריך (אומגעקומען אין לעמבערגער געטאָ); די דעקאָראַציעס זענען געמאַכט געוואָרן לויט די פּראָיעקטן פון דעם אידעאַלן קליינקונסט־סצענאָגראַף פּריץ קליינמאַן; ווי אַ קאָנפעראַנסיע איז אַ לענגערע צייט געווען טעטיק י. גרודבערג, אָדער סטרוגאַטש אַליין. אַ צייט איז אין „אַזאַזעל" געווען מוזיק־לייטער אַ מוזיקער פון אַזאַ מדרגה, ווי קאַרל גימפּעל. דער אויפקום פון אַנדערע קליינקונסט־בינעס האָט אָבער סוף־כל־סוף דערפירט צום פאַנדערפאַל פון „אַזאַזעל". ס'איז קודם־כל אַנטשטאַנען דער „סמבטיון".

דאָס דאָזיקע קליינקונסט־טעאַטער איז געשאַפן געוואָרן לכתחילה אינעם וואַרשעווער „סקאַלאַ"־טעאַטער, מיט יצחק נאָזשיקן, ווי אַ רעזשיסער און הויפּט־מחבר. דאָס איז געווען אַ דערפאַרענער טעאַטער־מענטש, מיט אַ חוש פאַר פאָלקסטימלעכקייט און פאַר הומאָר, שטאַרק מוזיקאַליש און, מ'קאָן זאָגן, טעאַטראַליש. צושטעלער פון טעקסטן זענען אויך געווען: מ. נודלמאַן, ש. קאַרנ־טייער, דער לוסטיקער פעסימיסט א.א. דער מוזיק־לייטער — שלמה וויינבערג, סצענאָגראַף — וו. וויינטרויב. אַקטיאָריש האָבן זיך אויפן אויבן־אָן פון דעם טעאַטער אַרויסגערוקט: חנה גראָסבערג, ראָזאַ גאַזעל, אַ געוויסע צייט — אסתר ראַפּעל און יצחק פעלד, ביז ס'האָט זיך סוף־כל־סוף אויסגעקריסטאַליזירט פון „סמבטיון" (נאָך נאָזשיקס אַ באַזוך פון ארץ־ישראל מיט דער רעוויו „תל־אביב") דער אַנסאַמבל „יידישע באַנדע" מיט חנה גראָסבערג, מאַלווינע ראַפּעל, די יונ־גיטשקע לילי ליליאַנאַ, דוד לעדערמאַן, אייזיק ראַטמאַן, זישע קאַץ (טראַגיש אומגעקומען אין די מלחמה־יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד), מנשה אָפּנהיים, לעאָן ליבגאָלד, משה שטאָקפּעדער (ווי אַקטיאָר און געשעפטספירער), קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־לייטער — הערץ רובין. דער „סמבטיון" האָט אין זיין ערשטער פאָרם און שפּעטער ווי די „יידישע באַנדע" עקזיסטירט (אין פוילן און אין אויכ־לאַנד) ביזן אויסברוך פון דער מלחמה — לאַנג נאָך י. נאָזשיקס באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל (ווו ער איז אויך געוואָרן דער גרינדער פונעם קליינקונסט־טעאַטער און געשטאָרבן נאָך דער מלחמה).

דעם אויבן־אָן אין דער קליניקונסט האָט אָבער שפּעטער פאַרנומען דער „אַראַראַט" פון לאָדזש. געשאַפן אין יאָר 1927 דורך משה בראָדערזאָנען, ווי אַ טעאַטער־סטודיע, איז דאָס טעאַטערל גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַקאַנטער פירמע. בראָדערזאָן איז געווען דער הויפּט־צושטעלער פון טעקסטן, וואָס ער האָט

אַליין געשאַפן; רעזשיסער איז אין דער ערשטער תּקופֿה געווען — אַ חוץ בראָדער־זאָנען גופֿא — איינער פֿון די סטודיאַנטן, מ. פֿילאָווער. אַביסל שפּעטער האָבן זיך אַרויסגערוקט — ווי אַקטיאָרן און רעזשיסערן — שמעון דזשיגאַן און ישׂראל שומאַכער. אַ פּאָר יאָר שפּעטער זענען זיי פֿאַקטיש געוואָרן דער „אַראַראַט". מוזיק האָבן פֿאַרן טעאַטערל געשאַפֿן — אַ חוץ הענעך קאָנען — דוד בייגעלמאַן און הערץ רובין. די ערשטע אין לאַנגיעריקע „אַראַראַט"־כאָרעאָגראַפֿין איז געווען יהודית בערג; די סצענאָגראַפֿיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט יצחק ברוינער און איז אַריבער צו פֿאַרשידענע באַגאַבטע סצענאָגראַפֿן פֿון ייִנגערן דור. צווישן די „אַראַראַט"־אַקטיאָרן זענען געווען — אַ חוץ די שוין פֿריער דערמאָנטע — שיינע מרים, זיסל גאָרליצקאַ, מרים דאָלסקאַ, אֶליאַ שליוואָוויטש, שמואל גאָלדשטיין, יעקב ריינגלאַס א.א. אין משך פֿון דער צייט זענען צוגעקומען: לאָלאַ פֿאָלמאַן, חנה שיפּער, יואל בערגמאַן, דוד בירנבוים א.א. געווען אפֿילו אַ צייט, ווען אין „אַראַראַט"־פּראָגראַמען האָבן זיך באַטייליקט אַזעלכע אַקטיאָרן ווי: רחל האָלצער, דינאַ האַלפּערן, מאַקס באָזשיק א.א. אין אַזאַ פֿאָרם האָט דער דזשיגאַן־שומאַכער־„אַראַראַט" עקזיסטירט ביזן אויסברוך פֿון דער מלחמה. אין די מלחמה יאָרן — אין ראַטנפֿאַרבאַנד (מיט גרויסע ענדערונגען אין באַשטאַנד, אָבער מיט משה בראָדערזאָנען — צוריק ווי דעם ליטעראַרישן לייטער) — ווי דאָס „ביאַליסטאָקער יידישע מיניאַטור־טעאַטער" (כמעט ביזן אַרעסט פֿון דזשיגאַנען און שומאַכערן אין מיטל־אַזיע).

אין פּוילן אָבער האָט זיך משה בראָדערזאָן אַ שיינע פּאָר יאָר פֿאַר דער מלחמה דערוויטערט פֿון דער אָנפֿירונג פֿונעם „אַראַראַט" און ער האָט נאָך געפּרוווט — קורץ פֿאַר דער מלחמה — צו אָרגאַניזירן מיט איניקע „אַראַראַט"־אַקטיאָרן (אָן דזשיגאַנען און שומאַכערן, פֿאַרשטייט זיך) אַ טעאַטערל מיטן נאָמען „באַלאַגאַנעידן" — דאָסמאָל שוין אָבער אָן אַ באַזונדערן דערפֿאָלג.

אין די פֿאַרמלחמה־יאָרן האָט זיך אין ווילנע געהאַט אָרגאַניזירט אַ נישט־פּראָפֿעסיאָנעל קליינקונסט־טעאַטער „דאַווקע" — אָנגעפֿירט פֿון כתריאל ברוידע און משה שוויליך און באַנייט קורץ פֿאַר דער מלחמה פֿון נינאַ ראַבינאָוויטש־גערשטיק. אַ גרעסערן פֿאַרנעם, ווי דאָס טעאַטער אין ווילנע, האָט געהאַט דאָס נישט־פּראָפֿעסיאָנעלע קליינקונסט־טעאַטער אין ביאַליסטאָק, אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם געוועזענעם רוסישן אַקטיאָר וויקטאָר בובריק און ביי דער מיטהילף פֿונעם לאַנגיעריקן ביאַליסטאָקער יידישן אַקטיאָר, יהודה גרינהויז. דאָס טעאַטערל האָט געהייסן „גילאָרינע". טעקסטן האָבן פֿאַר אים דער עיקר געשריבן: דער פֿאַרדינסט־פֿולער שרייבער, דער קדוש פּסח קאַפּלאַן, מענדל גאָלדמאַן א.א. קאָמפּאָזיטאָר איז

געווען — מישע בערמאַן. די מערהייט אָנטיילנעמער פון דער „גילאָרינע" זענען מיט דער צייט געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן — רעניע גליקמאַן, נינאַ סיבירצעוואַ, זלמן קאַלעשניקאָוו, יעקב זוצאַנאָוויטש, שמעון אָסאָוויצקי — אָבער דאָס טעאַטערל ווי אַזאַ איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן.

ד.

אייניקע ערנסטע פּרווון זענען אויך געמאַכט געוואָרן צו שאַפן אַ געזעל־שאַפטלעך יידיש טעאַטער אין פּוילן. דער פּיאָנער אויף דעם געביט איז געווען יאָנאַס טורקאָוו. נאָך אייניקע נישט־געלונגענע פּרווון אין די יאָרן 1921—1922 („דאָס באַוועגלעכע דראַמאַטישע טעאַטער", „יונגע בינע") געלינגט אים סוף 1926 צו אָרגאַניזירן אין קראָקע דאָס ערשטע געזעלשאַפטלעכע יידישע טעאַטער אין פּוילן.

דאָס טעאַטער איז בעיקר באַשטאַנען פון יונגע אַביטוריענטן פון פּוילישע דראַמאַטישע שולן. פון דער גרופּע איז אַרויסגעוואַקסן אַזאַ כוח אין יידישן טעאַטער, ווי רחל האָלצער. צו דער גרופּע האָבן געהערט: האַנקאַ לאַזער, רונאַ וועלנער, עוואַ אייזען, לעאָן סטאַוו־הערבסט, יוליוש וויטקאָווער (אַ באַקאַנטער מאָדערנער פּוילישער דיכטער — די לעצטע דריי זענען אומגעקומען ביי היטלערן). פון פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, אַ חוץ יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד, דוד שערמאַן, חיים ניסנצווייג, מיכאל מעסינגער, חיים בראַקאַזש. ליטעראַריש האָט מיט־געאַרבעט מיטן טעאַטער דער דיכטער בער האָראָוויץ; סצענאָגראַף איז געווען טשאַי; מיט דער אַלגעמיינער רעזשי האָט אָנגעפירט יאָנאַס טורקאָוו; אייניקע אויפפירונגען האָט געמאַכט דער פּוילישער רעזשיסער אַנטאָני פּיעקאַרסקי. אינעם רעפּערטואַר פון טעאַטער זענען געווען: ערנסט טאָלערס „הינקעמאַן", א. קאַציזנעס „דער דוכס", שלום אַשס „מאָטקע גנב", מענדעלעס „דער פּריזיוו", י.ד. בערקאָוויטשס „מאָשקע חזיר", בנימין רעסלערס „ליכט און שאָטן", געאָרג קייזערס „פון באַגינען ביז חצות", בען דזשאָנסאָנס „וואָלפּאָנע" (אַדאַפּטאַציע פון סטעפאַן צווייג), „די קללה" און „דניאל" פון וויספּיאַנסקי (יידיש: דניאל לייבל) אין דער רעזשי פון א. פּיע־קאַרסקי א.א.

פאַרן סעזאָן 1927—1928 האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון טעאַטער א. מאָרעווסקי (ער האָט אַ סעזאָן פריער געפירט דאָס ערשטע יידישע מלוכה־טעאַטער אין ריגע), וואָס האָט אַריינגעפירט גאָר ערנסטע ענדערונגען אינעם

צוזאַמענשטעל פון אַנסאַמבל. גאָר שנעל איז אָבער געקומען צו אַן אויפרייס — נאָכן שפּילן אייניקע פּיעסן פון מאָרעווסקיס רעפּערטואַר — צוליב אַ סיכסוך פון מאָרעווסקין מיטן טעאַטער־קאָמיטעט. דאַן האָט זיך דער קאָמיטעט פאַרבונדן מיטן אַנסאַמבל פון כאַש־קאַדיש, וואָס האָט געשפּילט בעיקר אָפּערעטעס. אין דעם אַנסאַמבל איז טאַקע פאָרגעקומען אַ העלער אויפבליץ: די לאַנגדויערנדיקע גאַסטשפּילן פון רודאָלף זאַסלאַווסקי מיט זיין אומפאַרגלייכלעכן „טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם.

עס פירט נאָך דאָס טעאַטער אין סעזאָן 1932—1933 משה ליפּמאַן. אין זיין אַנסאַמבל גייען אַריין אַ חוץ נאַטאַליע ליפּמאַן, עני לעטאַן און די קראָקעווער אַקטיאָרן — אויך אַ צאָל אַנדערע אַקטיאָרן און ס׳ווערט דאָרט געשפּילט משה ליפּמאַנס רעפּערטואַר פונעם וואַרשעווער „צענטראַל" און „סקאַלאַ" (דראַמע און מעלאָדראַמע), פון וועלכן ס׳האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט פרידריך וואָלפס „ציאַנקאַלי" מיט עני ליטאַן אין דער הויפּטראָל. זינט דאַן האָט שוין דער געזעל־שאַפטלעכער קאָמיטעט אָנגעהויבן בלויז צו פאַרדינגען דעם בנין אויף באָכענסקאַ 7 פאַר פאַרשידענע דורכוואַנדערנדיקע אַנסאַמבלען.

אַ חוץ דעם קראָקעווער פּרווו מאַכט יאָנאַס טורקאָוו ווייטערדיקע פּרוון צו אָרגאַניזירן געזעלשאַפטלעכע טעאַטער־אָרגאַניזמען. אין יאָר 1929—1930 איז עס געווען דער „וויניט" (וואַרשעווער נייער ידישער טעאַטער) אין זאַל פון „עליזעום", וואָס הייבט אָן מיט י.ב. ציפּורס „דער אויפשטאַנד" אין דוד הערמאַנס רעזשי; בעת דזשאָנסאָנס „וואָלפּאָנע" אין דער רעזשי פון יאָנאַס טורקאָוו (מיט לידער־טעקסטן פון אַלטער קאַציזנע). דאַן טרעט צו צום אַנסאַמבל א. סאַמבערג מיטן „גרויסן געווינס" פון שלום עליכם, לסוף פירט דאָרט אויף דוד הערמאַן דוד בערגעלסאָנס „דער טויבער" (אָבער שוין אויף דער בינע פון קאַמינסקיס טעאַטער). יאָנאַס טורקאָוו אָרגאַניזירט ווידער מיט דיאַנאַ בלומענפעלד אַ קאַמעראַלן אַנסאַמבל, וואָס שפּילט אין 1932—1933 אין וואַרשע, אינעם זאַל פון האַנטווערקער־פאַריין אויף ביעלאַנסקאַ 9 און פאָרט אַרום (איבער פּוילן און די באַלטישע לענדער) מיט לעאָנאַרד פראַנקס „די סיבה", באָריס לאַוורעניעווס „דער 41־טער", צוואַיד־זשינסקיס „פּרווידס טעאַריע פון חלומות", מאַראַזאָוויטש־שטשעפּקאָווסקאַס „די מו־טער" א.א.

פון גאָר גרויסן פאַרנעם איז געווען דער פּרווו פונעם דירעקטאָר פון אַרטיסטן־פאַריין מאַרק יווילער צו אָרגאַניזירן אַ צענטראַלע אָנפירונג פון די יידישע טעאַטערס אין פּוילן, דעם אַזוי גערופענעם דירעקטאָריאַט, וואָס האָט געזאָלט לעזן אַלע אָרגאַניזאַציאָנעל־ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון יידישן טעאַ־

טער. דער פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן צוליב דעם שאַרפן ווידערשטאַנד פון די טעאַטער־אונטערנעמערס, געשעפטפירערס און זייערע שותּפים. ער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ קריזיס אינעם אַרטיסטן פאַריין, מיט אַ שפּאַלטונג און אַן איבערקערעניש נאָך וועלכער יווילער האָט פאַרלאָזט דעם פאַריין.

די וויכטיקסטע טעאַטער־אינסטיטוציעס פון אַ גאַנץ, אָדער האַלב־געזעל־שאַפטלעכן כאַראַקטער, וואָס זענען אויפגעקומען און האָבן געווירקט אין די דרייסיקער יאָרן, זענען געווען: „יונג טעאַטער" און „טעאַטער פאַר יוגנט".

„יונג טעאַטער" איז אַנטשטאַנען פונעם צווייטן אַרויסלאָז פון דער יידישער דראַמאַטישער שול אין וואַרשע. אין יאָר 1929 האָבן זיך די שילער פון דער שול אָרגאַניזירט אין אַ טעאַטער סטודיע ביי דער „קולטור־ליגע" און אין יאָר 1932 האָבן זיי אָנגעהויבן צו ווירקן ווי אַ טעאַטער אין פאַרשידענע קליינע לאָקאַלן אין וואַרשע, אונטער דער לייטונג פונעם דירעקטאָר פון דער טעאַטער־שול, מיכאל וויכערט.

אין משך פון אייניקע יאָר האָט דאָס „יונג־טעאַטער" — אויך אונטער דעם נאָמען פון „יונגע בינע" און לסוף „ניי טעאַטער" (צוליב פּאָליצייאישע פאַרפאָל־גונגען) — געשאַפן אַן אינטערעסאַנטן און אָריגינעלן רעפּערטואַר. אָנגעהויבן מיט „באָסטאָן" — אַ רעפּאָרטאַזש וועגן ענין סאַקאָ־וואַנצעטי — וואָס האָט באַקומען פון מ. וויכערטן אַן אייגנאַרטיקע אינסצעניזאַטאָרישע לעזונג (אַביסל אויך צוליב די אייגנשאַפטן פונעם קליינעם לאָקאַל אָן אַ בינע), דורך אַזעלכע אויפפירונגען ווי די אָריגינעלע לעזונג פונעם גאָלדפאַדען־רעפּערטואַר אין „טרופּע טאַנענצאַפּ" (אַריינגעפלאָכטן גאָלדפאַדען־פראַגמענטן אין אַ וואַנדער־טעאַטער אין אַ גאַליציש שטעטל סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט); „קראָסין" (מאָנטאַזש וועגן דעם ראַטעווען די פּאָלאַרישע עקספּעדיציע פון גענעראַל נאָבילע); „נאַפּאָלעאָנס אוצר" — אַ באַאַרבעטונג פון שלום עליכמס „אוצר" — אַלץ אין דער רעזשי פון מ. ווייכערט, — ווי אויך די צוויי נייע, אָריגינעל־יידישע פּיעסן: ל. מלאכס „מיסיסיפּי" און יעקב פּרעגערס „שמחה פּלאַכטע". י. ראָטבאַום פירט דאָרט אויף וו. ביל־ביעלאָצערקאָווסקיס „דאָס לעבן רופט" און די „אַמעריקאַנער טראַגעדיע" פון טעאָדאָר דרייזער. קורט קאַטש טרעט דאָרט אויף מיט געאָרג ביכנערס „וואַצעק"; אין ווילנע („ניי־טעאַטער") ווערן אויך אויפגעפירט פישל בימקאָס „דעמבעס", „דער פּראָצעס" פון עד. וווּל; דער יונגער באַגאַבטער רעזשיסער א. וויסקינד — אַ תּלמיד פון גרויסן פּוילישן מייסטער לעאָן שיללער — דעביוטירט דערפאָלגרייך מיט הייערמאַנס „האָפענונג"; ס'דערזעט די שיין פון דער ראַמפּע די קינדער־

פּיעסע פון קאַדיע מאָלאָדאָווסקי „מאַרצעפּאַנעס" א.א. „יונג־טעאַטער" האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערע אַקטיאָרישע כּוחות, כאָטש ס׳זענען דאָרט בולט געקומען צום אויסדרוק אייניקע יונגע טאַלאַנטן, ווי דוֹראַ פאַקעל (אומגעקומען ביי היטלערן), וואָלף הייבלום, בינע גודיס. אָבער די אויפפירונגען פון „יונג־טעאַטער" — בעיקר צוליב די רעזשיסעריש־אינסצעניזאַטאָרישע לעזונגען — זענען כּמעט תמיד געווען אַ געשעעניש אינעם יידישן טעאַטער אין פוילן און טיילמאָל אפילו נישט בלויז אין יידישן.

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז געוואָרן אַ שיינדל אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן אַ האַלבוועגס געזעלשאַפטלעך טעאַטער — „דאָס טעאַטער פאַר יוגנט". אָרגאַניזירט אין יאָר 1937 דורך קלאַראַ סעגאַלאָוויטש — מיט נאָכמיטיק־פאָרשטעלונגען פאַר יוגנט אינעם וואַרשעווער „נאָוואָשטשי"־טעאַטער, ביי דער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע — האָט דאָס טעאַטער אָנגעהויבן מיט איציק מאַנגערס אָריגינעלער טראַנסקריפּציע פון גאָלדפאַדענס „כּישופמאַכערין", אין דער מוזיקאַלישער באַאַרבעטונג פון הענעך קאָן, און רעזשי פון יעקב ראָטבאַום. אין דער פאָרשטעלונג האָבן אויפגעשיינט די טאַלאַנטן פון דינה האַלפּערן (די באָבע יאַכנע), מאַקס באָזשיק (ערשטער האַצמאַך), שלמה קוטנער (צווייטער האַצמאַך); קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט געשפּילט מירעלע און סעם בראָנעצקי דעם דריטן האַצמאַך. די פאָרשטעלונג איז אַ סך מאָל געוויזן געוואָרן אין וואַרשע און אין אַ טורנע איבער גאַנץ פוילן. די צווייטע אויפפירונג פונעם טעאַטער איז געווען איינע פון די באַדייטנדיקסטע געשעענישן אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער בכלל. דאָס איז געווען די אויפפירונג פון וויליאַם שעקספּירס „דער שטורעם", אין דער איבערזעצונג פון אהרן צייטלין, אין דער רעזשי פונעם מייסטער לעאָן שיללער, (אַסיסטענט — מ. וויסקינד) מיט מוזיק פון פוילישן קאָמפּאָזיטאָר א. מאַקלאַקיעוויטש, דעקאָראַציעס פון וולאַדיסלאַוו דאַשעווסקי (אויך די פּראָיעקטן פון קאָסטיומען). אין די וויכטיקסטע ראָלן האָבן געשפּילט: א. מאָרעווסקי (פּראָספּעראָ), מ. ליפּמאַן (קאַליבאַן), אברהם קורץ און וול. גאָדיק (די צוויי לצים) אסתר גאָלדנבערג (אריאל), צפּורה פיינזילבער (מיראַנדאַ), ל. קאָסווינער (פּרינץ). די לעצטע אויפפירונג פונעם טעאַטער איז געווען יעקב פּרעגערס צאַרטע קאָמעדיע „מלך פריילעך", רעזשי — מ. ווייכערט, מיט וו. גאָדיק אין דער טיטל־ראָל; מ. ליפּמאַן, נאַטאַליאַ ליפּמאַן, אסתר גאָלדנבערג, צפּורה פיינזילבער, דניאל שאַפּיראָ — אין אַנדערע געלונגענע בינע־געשטאַלטן. געציילטע וואָכן פאַר דער מלחמה איז זיך אָבער דאָס דאָזיקע שיינע און ווערטיקע טעאַטער פאַנאַנדערגעפאַלן.

אַ חוץ די שוין דערמאָנטע — לענגער און קירצער עקזיסטערנדיקע — פֿאַרשידנפֿאַרביקע טעאַטערס, האָבן אין צווישן־מלחמה־פּעריאָד געווירקט אין פּוילן נאָך אַ סך אַנסאַמבלען און קינסטלער פֿון וואָג — סיי אין דער דראַמע, סיי אין דער מעלאָדראַמע און אָפּערעטע. די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נאָך געווירקט אין פּוילן דאָס קאָמפּאַניִיעץ־טעאַטער — אַ טרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון מיטגלידער פֿון דער קאָמפּאַניִיעץ־משפּחה און אַנדערע אַקטיאָרן — דער עיקר מיט אָפּערעטעס, אָבער אויך מיט ערנסטע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען. ביי זיי איז, למשל, אויפֿגעפֿירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין לאָדזש דער „דיבוק" — לאָדזש איז געווען די צווייט־וויכטיקע און טעאַטער־אַקטיווע יידישע שטאָט אין פּוילן, ווו ס'האָבן צייטנווייז געווירקט דריי יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע טעאַטערס מיטאַמאָל (נישט רעכענענדיק די גרויסע צאָל דראַ־מאַטישע קרייזן); זי איז געווען די שטאָט, וואָס האָט אפשר אַרויסגעגעבן די גרעסטע צאָל יידישע אַקטיאָרן. אין דער דעמאָלסטיקער „דיבוק" — פֿאָרשטעלונג אין קאָמפּאַניִיעצעס טעאַטער האָבן אָנטייל גענומען — א. מאָרעווסקי, אַלעקס שטייך, יוסף קאַמען, יוסף בולאָוו. אין יענער צייט מער ווייניקער האָבן זיך אָנגעהויבן אין פּוילן די גאַסטשפּילן פֿון דער דאַן יונגיטשקער אַמעריקאַנער סוברעטין מאַלי פּיקאָן, מיט איר מאַן יעקב קאַליך. יאָרלאַנג האָט אין פּוילן געווירקט די „ווילנער אָפּערעטן־טרופּע" מיט דער פֿאַמיליע כאַש־קאַדיש־נחמה־גראָדנער, מיט דעם זאַפּטיקן כאַראַקטער־אַקטיאָר שלמה קוטנער (אַן אָפּשטאַמיקער פֿון פּרץ הירשביין־אַנסאַמבל, אומגעקומען ביי היטלערן) ווי אַן אַקטיאָר און רעזשיסער, מיט חנה לערנער און דוד זיידערמאַן און אַנדערע גוטע זינגער און אַקטיאָרן. זיי האָבן געשפּילט אָפּערעטעס איבערגעזעצטע פֿון משה בראָדערזאָן („באַיאַדעראַ" און אַנדערע אייראָפּעישע אָפּערעטעס). אָדער טעקסטן פֿון יצחק קאַצענעלסאָן („פֿאַטימאַ"). די אָרקעסטערס אין די אָפּערעטן־טעאַטערס זענען אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון אַזעלכע באַגאַבטע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן, ווי יצחק שלאָסבערג (געשטאָרבן אין יאָר 1930) און דוד בייגעלמאַן (אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ); ס'האָט גאַסטראָלירט קלאַראַ יונג, אין די שטעלונגען פֿון בועז יונגוויץ פֿון אַמעריקע זענען געקומען אַזעלכע אָפּערעטן־קינסטלער ווי: דזשוליוס נאַטאַנסאָן, מרים קרעסין, היימי און אירווינג דזשייקאָבסאָן און מוזיקער ווי שלום סעקונדע און א. איילשטיין. ס'איז געקומען דער אַמאָליקער ליבלינג פֿונעם יידישן פּוילן מיכאַל מיכאַלעסקאָ; ס'האָבן גאַסטראָלירט — ס'רוב אין אַ ביליקן רעפּערטואַר — גרויסע בינע־קינסטלערס, ווי לודוויג זאַץ, סעמיועל גאָלדנבערג; ערנסטע אַקטיאָרן ווי בערטאַ גערסטין, ליוסי און מישאַ גערמאַן, יאָזעף שיינגאָלד,

דראַ ווייסמאַן און אַ קינסטלערין פון אַזאַ פאַרנעם ווי צילי אַדלער, וועלכע האָט געלאָזט איר רעפּערטואַר רייניקן מיט דער ראַפינירטער פעדער פונעם רומעניש־יידישן דיכטער און רעזשיסער יעקב שטערנבערג.

אַ גאַר גרויסע אויפרודערונג אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פּוילן זענען געווען די גאַסטשפּילן פונעם באַרימטן דייטשן בינע־קינסטלער אַלעקסאַנדער גראַנאַך — גלייך נאָך זיין אַנטלויפן פון היטלערן. אין יאָר 1934 האָט ער אָנגעהויבן מיט פרידריך וואָלפס „די געלע לאַטע" און געשפּילט האָט ער די פאָרשטעלונג (אין וואַרשעווער קאַמינסקיס טעאַטער), מיט אַן ערשטקלאַסיקן אַנסאַמבל, אַן ערך אַ יאָר צייט איבער דער לענג און ברייט פון פּוילן. די פאָרשטעלונג האָט אַליאַרמירט וועגן דער אָנקומענדיקער היטלער־קאַטאַסטראָפע. אין 1935 האָט גראַנאַך אויפגעפירט אין וואַרשעווער „סקאַלאַ" ה. לייוויקס „קייטן"; אין לאָדזשער צעל־מייסטער־טעאַטער — אַלטער קאַציזנעס „וועלט־געוויסן" (דער ענין שלום שוואַרצבאַרד), וואָס איז שפּעטער פאַרווערט געוואָרן פון דער צענזור, שעקספּירס „שיילאָק", שלום אַשס „גאָט פון נקמה".

אין דער זעלבער צייט כמעט איז אויך אויפגעטראָטן דער דייטשער קינסטלער־פּליט קורט קאַטש מיט אַרנאָלד צוויגס „סערזשאַנט גרישאַ", געאָרג קייזערס „דער העלדישער ים־רייזנדער" און פון דעם ביליקערן רעפּערטואַר — „מאַנדאַרין ווו", „ביינאַכט אויפן שאָסיי". אויך קורט קאַטש האָט געוויזן דעם יידישן עולם מוסטערן פון אַ פיינערן אייראָפּעישן קולטור־טעאַטער.

מ׳קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט דורכלאָזן אַזעלכע דערשיינונגען ווי די פּיל־מאָליקע גאַסט־שפּילן פון פּאַול באַראַטאָוו (איבער גאַנץ פּוילן) אין זיין רעפּער־טואַר; די אויפטריטן פון לידיאַ פּאָטאָצקאַ, וועלכע האָט אפילו אייניקע מאָל געמאַכט פּרוּוון צו שאַפן זיך אַן אייגן ערנסט טעאַטער. די דערמאָנטע קינסטלער זענען געווען פאָרשטייער פון אַמאָליקן רוסישן טעאַטער — סיי אין פּרט פון רעפּערטואַר, סיי אין פּרט פון דער אַטמאָספער אויף דער בינע. מ׳דאַרף אויך דערמאָנען די גאַסטשפּילן פון מנחם רובין, וועלכער האָט קודם־כל דערגרייכט אַ גרויסן דערפאָלג אין „נאָוואָשטשי"־טעאַטער אין וואַרשע מיט זיין אויפפירונג פון שלום עלימכס „200.000" און האָט דער ערשטער אויפגעפירט אין פּוילן איסאַק באַבעלס פּיעסע „בעני קעניג" (אויך אין „נאָוואָשטשי") ווי אויך די אויפטריטן פון מאָריס לאַמפּע, וואָס האָט אייניקע יאָר געפירט אַ טעאַטער צוזאַמען מיט ר. שושנה. זיין גרויסער דערפאָלג איז געווען „טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם און „דער אורטייל" פון א. לעוו.

און אַז ס׳איז שוין ווידער דערמאָנט געוואָרן „טוביה דער מילכיקער", דאַרף

נאָכאַמאָל אוטערגעשטראָכן ווערן, אַז דעם גרעסטן דערפאָלג אין דער פאָרשטעלונג האָט געהאַט רודאָלף זאַסלאַווסקי, וועלכער האָט זי געשפּילט אייניקע יאָר איבער גאַנץ פּוילן — אפילו אין צוויי סעריעס (די צווייטע — „טוביה פאָרט קיין ארץ־ישראל״). ער האָט אייניקע מאָל, יעדעס מאָל אַ לענגערע צייט, געשפּילט אין פּוילן אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן און אין דער ערשטער העלפט פון די דרייסיקער, אויך לייב מלאכ׳ס „הערצער צו פאַרקויפן״ („איבער־גוס״), דזשעק לאָנדאָנס „וועלפישע נשמות״ א.א. דער דאָזיקער גרויסער בינע־טאַלאַנט, רודאָלף זאַסלאַווסקי, האָט אין פּוילן איבערגעלעבט אפשר זיין גרעסטן אויפשטייג, געפייערט די גרעסטע טריומפן און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן זיין קייקלען זיך באַרג אַראָפּ, וואָס האָט זיך געענדיקט אַזוי טראַגיש מיט זיין טויט אין פאַרוואָרלאָזונג אין אַרגענטינע, קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אייניקע מאָל האָבן געשאַפן אַנסאַמבלען און אַרומגעפאָרן מיט זיי איבער פּוילן — אַמאָל לענגער, אַמאָל ווייניקער — אינלענדישע און אויסלענדישע גאַסטראָליאָרן: א. סאַמבערג, א. מאָרעווסקי, יוליוס אַדלער (אַ צייט מיט גאָר גרויסן דערפאָלג, ווי אין זיינע פאַרמלחמהדיקע גוטע צייטן, ווען ער איז געווען דער ליבלינג פון עולם — בעיקר אין לאָדזש), משה ליפּמאַן — אַ חוץ די שוין פריער אויסגערעכנטע פירנדיקע יידיש־פּוילישע אַרטיסטן. אַ געוויסע צייט (נישט צו לאַנג) האָט געווירקט אַ גאָר וואָגיקער קאָלעקטיוו א.נ. „פאַקט״ (פאַריי־ניקטער קינסטלער טעאַטער) מיט אברהם מאָרעווסקי, זיגמונט טורקאָוו, אַלעקס שטיק, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, געניע שליט, י. וואָלפשטאַט א.א. צווישן זייערע אויפפירונגען איז געווען — אַלטער קאַציזנעס אַקטועלע קאָמעדיע „אין קריזיס״. אָבער די גרעסטע באַדייטונג האָבן געהאַט די גאַסטשפּילן פון מאָריס שוואַרצן און די רעזולטאַטן זייערע.

דער דאָזיקער אין דער גאָרער וועלט פּאָפּולערער אָנפירער פונעם ניו־יאָרקער קונסט־טעאַטער איז אין יאָר 1935 אַראָפּגעקומען קיין פּוילן מיט אַ טעכ־נישן אַפּאַראַט און פולער טעכנישער אויסשטאַטונג און האָט אויפגעפירט — מיט אַן אַנסאַמבל, וואָס פּוילן האָט נאָך ביז דאַן נישט זוכה געווען צו אַזאַ צוזאַמענשטעל און פאַרנעם — י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב״, וואָס איז געווען דער גרעסטער דערפאָלג פון זיינע גאַסטשפּילן און, דוכט זיך, זיין גרעסטער דערפאָלג בכלל. ער האָט אויך געגעבן זיין באַאַרבעטונג פון י. גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול״; ליאָן פויכטוואַנגערס „ייד זיס״; שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער״ און „שווער צו זיין אַ ייד״ און אין אַ קאָנצערט־פּראָגראַם — פראַגמענטן פון יונה

ראָזענפעלדס „קאָנקורענטן" און פון י.ל. פרצס „די גאָלדענע קייט". אַוועקפאָרנדיק פון פוילן האָט מאָריס שוואַרץ איבערגעלאָזט זיין אַנסאַמבל אויף אויף ווייטער און דער „מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל" האָט געווירקט — מיט פאַרשידענע ענדערונגען — כמעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

אַן אינטערעסאַנטן פרווו האָט אויך געמאַכט אינעם סעזאָן 1937—1938 — אין וואַרשעווער „נאָוואָשטשי" און אויף אַ טורנע „די יידישע נאַציאָנאַלע בינע". דאָס טעאַטער איז אָרגאַניזירט און אָנגעפירט געוואָרן פון מאַרגאָט קלויזנער און יהושע בראַנדשטעטער. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן ערשקלאַסיקער אַנסאַמבל מיט רחל האָלצער, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, העלענע גאָטליב, רבקה שילער, א. סאַמ־בערג, מאַקס באָזשיק, שלמה קוטנער, חבל בוזגאַן, שעפטל זאַק א.א. — און מען האָט געשטעלט אַזעלכע אויפפירונגען ווי: „דער משפט" פון שולמית בת־דורי, אין דער רעזשי פון לעאָפּאָלד לינדבערג; „יעקב און עשיו" פון סעמי גראָנעמאַן, אין דער רעזשי פון מ. מיינהאַרדט; „קאַמף פאַר ערד" פון מאַרטין ראָסט, רעזשי שולמית בת־דורי. דאָס איז געווען אַ טעאַטער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסטישער טענדענץ, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, אין יענע יאָרן אין פוילן אַרויסגערופן קאָנטראָווערסע מיינונגען ביי דער אַבסאָלוט־פּאָזיטיווער אָפּשאַצונג פונעם קינסטלערישן כאַראַקטער פון טעאַטער.

אַ צאָל וויכטיקע טעאַטער־געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין די שטענדיקע טעאַטער־בנינים, בעיקר אין וואַרשע. ס'זענען געווען צייטן (אָנהייב דרייסיקער יאָרן) ווען וואַרשע אַליין האָט פאַרמאָגט 6 יידישע טעאַטער־זאַלן („קאַמינסקיס", „עליזעום", „נאָוואָשטשי", „סקאַלאַ" און די פּעריפעריע־טעאַטערס אויף סמאָטשע און דזשיקע). עס זענען אויך געגעבן געוואָרן קאַמעראַלע פאָרשטעלונגען אין קליינע זאַלן („יונג־טעאַטער" אויף דער סעאַנאַטאָרסקע, שפּעטער אויף דער דלוגע גאַס; יאָנאַס טורקאָווס קאַמעראַלע בינע — אין האַנטווערקער־פאַריין אויף ביעלאַנסקע, שפּעטער — אין יודאַיסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע. אפילו אין ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13 זענען געשפּילט געוואָרן פאַרשידענע קאַמעראַלע פאָרשטעלונגען נישט רעכענענדיק שוין קאָנצערטן, ווי די פון יאָסעלע קאָלאָדני און אַנדערע). לאָדזש האָט געהאַט צוויי און צייטנווייז — דריי יידישע טעאַטערס; ווילנע, לעמבערג — צוויי; ביאַליסטאָק און קראָקע האָבן געהאַט שטענדיקע טעאַטערס, נישט רעכענענדיק די דראַמאַטישע קרייזן. אויסער דעם האָבן עקזיסטירט סטודיעס און האַלב־פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס, וואָס האָבן געווירקט כמעט אומעטום, אין שטעט און שטעטלעך. געווען צייטן, ווען אין פוילן זענען טעטיק געווען איניקע און צוואַנציק פּראָפעסיאָנעלע יידישע טעאַטער־אַנסאַמבלען.

ס׳זענען געשפּילט געוואָרן אַרום 180 יידישע פאָרשטעלונגען וועכנטלעך. די יידישע טעאַטער־משפחה האָט געציילט ביז 400 מאַן; ס׳זענען געווען סטודיעס, וואָס האָבן אין פּרט פון פאַרנעם און אויפפירונגען זיך געקאָנט דרייסט פאַרגלייכן מיט טעאַטערס. דאָס זענען געווען: „גאָלדפאַדען" אין סטאַניסלאַוו, „מאַסקע" אין לעמבערג, די מאָשקאָוויטש־סטודיע אין לאָדזש, „מוזע" אין טאַרנע און בענדין, „יידישע בינע" אין וולאָצלאַוועק, די אַרבעטער־סטודיעס ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואַרשע אונטער דער לייטונג פון י. ראָטבאַום, מ. פּערענסאָן, ל. קאָ־ברינסקי א.א., טעאַטער־קרייזן האָבן עקזיסטירט אין ווילנע, אין גראָדנע און ווו ־ בישט? צופיל אָרט וואָלט פאַרנומען בלויז צו דערמאָנען די אַלע קרייזן און זייערע וויכטיקסטע אויפפירונגען. אָבער וואָס עס ווילט זיך ספּעציעל דערמאָנען, דאָס זענען אייניקע גאָר וויכטיקע געשעענישן אין די פּאָר שטענדיקע וואַרשעווער טעאַטערס. קודם כל מוז מען דערמאָנען „נאָוואָשטשי". דאָס דאָזיקע טעאַטער האָט אָנגעהויבן מיט גאַסטשפּילן פון פּאָול באַראַטאָוו (אין זיין רעפּערטואַר איז געווען: סטרינדבערגס „דער פאָטער", ע. טאָלערס „הינקעמאַן", י.ד. בערקאָוויטשעס „מאָשקע חזיר" א.א.) אין זומער 1930. דאַן איז „נאָוואָשטשי" אַריבער צו מנחם רובין און געוואָרן דאָס וואַרשעווער יידיש רעפּרעזענטאַנץ־טעאַטער. נאָך דעם גרויסן דערפאָלג פון רובינס אויפפירונג פון שלום עליכמס „200.000" און נאָך אַ קלענערן דערפאָלג פון איסאַק באַבעלס „בעני קעניג", שטעלט דאָרט מ. ווייכערט די מאָנומענטאַלע אויפפירונג פון געאָרג ביכנערס „דאַנטאָנס טויט" מיט א. מאָ־רעווסקי, א. סאַמבערג, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, רחל האָלצער, דיאַנאַ בלומענפעלד און נאָך אַ סך באַקאַנטע אַקטיאָרן, מיטן אָנטייל פון דער יידישער דראַמאַטישער שול אין די מאַסן־סצענעס און עפּיזאָדן; דאַן גאַסטראָלירט אויך לידיאַ פּאָטאָצקאַ (אין „מירעלע אפרת" פון גאָרדין, „די גייסטער" פון איבסען). ביי די פאָרשטע־לונגען האָט זיך אויסגעצייכנט די סצענאָגראַפיע פון פּוילישן קינסטלער ק. מאַצקיע־וויטש, וואָס האָט אויך געשאַפן פאַרן יידישן טעאַטער אין לאָדזש.

אין משך פון אייניקע יאָר גייען פאַרביי פאַרשידענע אַנסאַמבלען און זשאַנרען דורך דער בינע פון „נאָוואָשטשי" — רעוויעס, אָפּערעטעס, מעלאָדראַמעס, גאַסטשפּילער ווי מ. מיכאַלעסקאַ, היימי דזשייקאָבסאָן און מרים קרעסין, די גער־מאַנס, מאָריס לאַמפּע און ר. שושנה א.א. — אַריינגערעכנט דזשיגאַן, שומאַכער און נאָזשיקס אַ רעוויע מיטן אַנסאַמבל פון דער „באַנדע" — „תל־אביב". אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה זענען דאָרט אַדורך אַלע פירנדיקע יידישע אַנסאַמבלען, ווי גאַנצע, מיט זייער רעפּערטואַר. ס׳איז אָבער באַזונדערס כדאי אַרויסצוהייבן דעם סעזאָן 1936—1937, ווען זיגמונט טורקאָוו פירט דאָרט אויף ח. גאָטעספעלדס

„מחותנים", ה. לייוויקס „שאָפּ", שלום עליכמס „בלאָנדזשענדע שטערן", רחל האַלצער, דינה האַלפּערן, מאַקס באָזשיק, יוסף סטרוגאַטש, יצחק קרעלמאַן, רייזל ליבראָווסקאַ א.א. אַ געוויסע צייט איז דער צענטער פון שעפערישן טעאַטער געווען אין „עליזעום" (נאָכן „ווגיט") אין יאָר 1931—1932, ווען עס איז דאָרט אויפגעפירט געוואָרן שלום אַשס „רעוועראַנד ד"ר זילבער", אין דער רעזשי פון מ. ווייכערט און מיט א. מאָרעווסקי אין דער טיטל־ראָל; אַל. טאָלסטאָיס און וו. שטשעגאָלעווס „אַזעף" אין דער רעזשי פון מאַרק אַרנשטיין, וואָס איז געווען אַ גרויסער טריומף פון דעם דאַן יונגן יעקב מאַנסדאָרף אין דער טיטל־ראָל, און ווו הערש האָרט האָט געשפּילט די ראָל פון גראַף פּלעווע. דאָרט איז אויך געשפּילט געוואָרן ה. גאָטעס־פעלדס „פּרנסה" אין דער רעזשי פון מ. ווייכערט; ה. לייוויקס „אָרעמע מלוכה" אין דער רעזשי פון יעקב ראָטבאַום; שטערנבערגס באַאַרבעטונג פון שלום עליכמס „דאָס פאַרכישופטע שניידערל" אין דער רעזשי פון דוד ליכט. אין די אַלע פאָרשטעלונגען האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט: קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, רחל האָלצער, העלענע גאָטליב, דוד ליכט, יעקב קורלענדער, דוד בירנבוים א.א. צום סוף איז נאָך דאָרט געשפּילט געוואָרן א. טאָלסטאָיס און וו. שטשעגאָלעווס „ראַספּוטין און די צאַריצע" אין דער רעזשי פון זיגמונט טורקאָוו — מיט אים און רחל האָלצער אין די הויפּט־ראָלן. אייניקע געוואַגטע פּרוּוון זענען אויך געווען אין קאַמינסקיס טעאַטער און אפילו אין „סקאַלאַ".

אַ דינער שטראָם אינעם ברייט־כוואַלעדיקן טייך פונעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן זענען געווען די פּרוּוון פון העברעישן טעאַטער. די ערשטע פּרוּוון אויף דעם געביט זענען נאָך געמאַכט געוואָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט ש. צמחס „הבימה העברית" אין ביאַליסטאָק, שפּעטער — אין וואַרשע, ווו ס'זענען צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן ביי צמחן: די יונגע פּרעבליסטין חנה ראָווינאַ און דער אָנפאַנגענדיקער שילער פון אַ פּוילישער דראַמאַטישער שול, זיגמונט טורקאָוו. אין לאָדזש איז געמאַכט געוואָרן דער פּרווו מיט די פאָרשטעלונגען, וועלכע ס'האָט אָרגאַניזירט דער העברעיש־יידישער דיכטער, דראַמאַטורג און פּעדאַגאָג, דער קדוש יצחק קאַצענעלסאָן. אויך אין צווישן־מלחמה־פּעריאָד האָט יצחק קאַצענעלסאָן אייניקע מאָל איבערגעחזרט זיינע פּרוּוון, דאָסמאָל — מיט זיינע תלמידים. באַנייט געוואָרן איז די „הבימה העברית" — איינמאָל און נאָכאַמאָל — אינעם לאָקאַל פון וואַרשעווער „מרכז" אויף קרולעווסקע. אין ווילנע איז געווען אַ פּרווו פון אַ העברעיִ־שער טעאַטער־סטודיע אונטער דער אָנפירונג פונעם יונגן רעזשיסער מ. וויסקינד. דאָס אַלץ האָט זיך אָבער אין גאָר אַ קליינער מאָס אָנגעזען אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן. דאַקעגן האָבן אַן אומגעהויערע השפּעה געהאַט אויפן יידישן

טעאַטער — און אַ קאָלאָסאַלן אָנזען אין דער גאַנצער פוילישער טעאַטער־וועלט — די גאַסט־שפּילן פון די פּראָפעסיאָנעלע העברעיִשע טעאַטערס: די „הבימה" און „אהל".

„הבימה" איז דאָס ערשטע מאָל אַראָפּגעקומען קיין פוילן פון מאָסקווע אין יאָר 1926 — מיט איר דעמלטדיקן רעפּערטואַר: „הדיבוק" פון ש. אַנסקי, „היהודי הנצחי" פון דוד פינסקי, „המבול" פון בערגער. די פאָרשטעלונגען זענען געווען די וויכטיקסטע טעאַטער־געשעעניש פון יענעם יאָר אין פוילן בכלל (אַ לאַנד, וואָס האָט תמיד געשמט מיט ערשטראַנגיקע אַקטיאָרן, אינטערעסאַנטע אויפפירונ־גען אין גוטע טעאַטערס). ביזן אויסברוך פון דער צווייטער מלחמה האָט נאָך „הבימה" אייניקע מאָל געשפּילט אין פוילן — מיט איר אַלטן רעפּערטואַר און מיט נייע אויפפירונגען („הגולם" פון ה. לייוויק, „כתר דוד" פון קאַלדעראָן א.א.). תמיד האָבן די פאָרשטעלונגען פון „הבימה" איבערגעלאָזט אַ גרויסן רושם אין פוילן און אַרויסגערופן אויך אינעם יידישן טעאַטער אַן אויפלעבונג, מעגלעך אויך אַביסל קנאה, זיכער אָבער אויך אַ דראַנג צו פאַרמעסטן.

די גאַסטשפּילן פון „אהל" (אין יאָר 1934) מיט „יעקב ורחל" און מיט דער גאָרקי־אויפפירונג — באַזונדערס טאַקע משה הלויס אָריגינעלע פאָרשטעלונג „יעקב ורחל", האָבן איבערגעלאָזט אַ גאָר גרויסן רושם מיט זייער אָריגינעלקייט, דער ארץ־ישראלדיקייט און, כ׳וואָלט געזאָגט, מיט דער תנכישקייט פון דער אויפפאַסונג און אויפפירונג. אַזוי אַרום האָבן די קורץ־דויערנדיקע גאַסטשפּילן פון די העברעיִשע טעאַטערס זיך שטאַרקער אָנגעזען אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן, ווי די לאַנג־יאָריקע טעטיקייט פון אַלע אָרטיקע העברעיִשע טעאַטער־סטו־דיעס און קרייזן צוזאַמענגענומען.



נאָך אַזאַ איבערזיכט קאָן זיך אפשר אויסווייזן, אַז דאָ קאָן בכלל נישט זיין קיין רייד וועגן ירידות, און אַז מיר האָבן כסדר צו טאָן בלויז מיט דערגרייכונגען, מיט דערשיינונגען פון עליות אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן אין דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות. אַזאַ אויסטייטשונג וואָלט אָבער געווען אַן אויבנאויפיקע, ווייל צווישן די אָפּשניטן פון אויפטוען און דערגרייכונגען זענען געווען צייטן — און געווען אָנזעעוודיקע — פון קריזיסן, שפּלדיקייט, באַרג־אַראָפּן, און לאו דווקא בלויז עקאָנאָמישע, כאָטש אין דעם רוב פאַלן זענען די סיבות פון די ירידות געווען עקאָנאָמישע.

ווי אַ ביישפּיל פון דער ווירקונג פון אַן עקאָנאָמישן קריזיס אויפן טעאַטער קאָן מען ברענגען די צייט פון דער איבערוואַלוטירונג (1924—1925). די אַזוי גערופענע „גראַבסקי־תקופה״ איז געווען אַ צייט פון גרעסטן קריזיס אינעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פּוילן. אַלע אַנסאַמבלען זענען זיך צעפאַלן, יידישע טעאַטער־בנינים זענען פאַרמאַכט, אָדער ליקווידירט געוואָרן. אַקעגן די צייט פון פאַרהעל־טנישמעסיקן עקאָנאָמישן אויפשטייג נאָך דער פּילסודסקי־איבערקערעניש (מאַי 1926) איז געוואָרן אַ תקופה פון באַרג־אַרויף פונעם יידישן טעאַטער. אָבער כאַראַק־טעריסטיש ביז גאָר איז דער פאַקט, אַז דוקא די תקופה פון גרויסן פּאָליטישן קריזיס — דאָס קומען פון היטלערן צו דער מאַכט און דער אויפשטייג פון דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אין פּוילן — איז געוואָרן די צייט פונעם גרעסטן קולטור־קינסטלערישן און געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג פונעם טעאַטער, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס איז גלייכצייטיק געווען אַ צייט פון אַן עקאָנאָמישן באַרג־אַראָפּ, פון באָיקאָט און דיסקרימינאַציע, פון אַלגעמיינע אומרועןֹ (די אַרבעטער־אומרועןֹ אין לעמבערג פון יאָר 1936) און אַנטי־יידישע עקסצעסן (פּשיטיק). דאָס זענען אָבער דאָך געווען יאָרן פון גרעסטן אויפבלי פונעם יידישן טעאַטער, פון גרעסטן קינסטלערישן וואָגן און אפשר אויך פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען. די תקופה האָט אָנגעהאַלטן ביז צו היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן אין סעפּטעמבער 1939.

דער דערמאָנטער אָפּשלוס פון אַ תקופה אינעם יידישן טעאַטער אין פּוילן איז געווען די באַדייטנדיקסטע עליה פונעם טעאַטער — ווי אַ פּועל־יוצא פונעם פאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויפברויז אינעם יידישן לעבן; די דאָזיקע צייט, וואָס איז דוכט זיך צום שטאַרקסטן אָנזעעוודיק אין דער טויזנט־יעריקער געשיכטע פון יידישן לעבן אין פּוילן, איז אויך געווען די פּרוכטיקסטע אין די הונדערט־יעריקע פּרווון און פאַרמעסטן פון יידישן טעאַטער־שאַפן — אָנהייבנדיק פון די זיך פּראָפעסיאָנאַליזירנדיקע פּורים־שפּילער אין יידישן וואַרשע אין די דרייסיקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט (די ערשטע פּרווון אין דער וועלט צו שאַפן אַ יידיש טעאַטער), דורך די בראָדער זינגער פון די זעכציקער יאָרן און שפּעטער — ביז גאָלדפאַדען האָט אין די אַכציקער יאָרן אָנגעהויבן מער־ווייניקער אַ שטענדיקע טעטיקייט פון אַ יידיש טעאַטער אין וואַרשע און אין דער פּוילישער פּראָווינץ (פון דער רוסישער און עסטרייכישער זייט, ד.ה. אין גאַליציע, ווו דאָס יידישע טעאַטער האָט געהאַט אַ לייכטערן וועג און אפשר דערפאַר האָט עס זיך דאָרט קינסטלעריש שוואַכער אַנטוויקלט).

די אויבנדערמאָנטע אויפטוען פון דער לעצטער תקופה — די פּאָר יאָר

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — זענען זיכער נישט געבליבן אָן אַ השפּעה אויף די פּרווון פון יידישן טעאַטער אין די געטאָס (וואַרשע, ווילנע, לאָדזש), זיי האָבן געהאַט אַ השפּעה אויפן שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן גייסט און ווידערשטאַנד פון דער יידישער יוגנט אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און גאָר באַזונדערס — אויף די אָנזעעוודיקע דערגרייכונגען פונעם יידישן טעאַטער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אינעם באַפרייטן פּוילן. מ׳קאָן דרייסט זאָגן, אַז זיי האָבן אויך געהאַט אַ השפּעה אויפן גרינדן און אויף דער אַרבעט פונעם יידישן מלוכה־טעאַטער אין וואַרשע אויפן נאָמען פון דער מאַמען פון יידישן טעאַטער, אסתר רחל קאַמינסקאַ — אַ טעאַטער, וואָס ווערט אין שווערן געראַנגל און אין ראַדיקאַל געענדערטע באַדינגונגען אָנגעפירט פון אסתר רחל׳ס טאָכטער — אידאַ קאַמינסקאַ.

# נאָכוואָרט

מיר האָבן געענדיקט דאָס פּריערדיקע קאַפּיטל מיט דער איבערצייגונג, אַז די אויפטוען, דערגרייכונגען און טראַדיציעס פונעם יידישן טעאַטער אין פּוילן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען נישט געבליבן אָן אַ השפּעה אויף די פּרווון און געראַנגל פון יידישן טעאַטער אין די געטאָס פון פּוילן און אויף שטאַרקן דעם גייסט פון קאַמף ביי דער יידישער יוגנט אונטער דער היטלעריס־טישער אָקופּאַציע. אויף דעם מאָמענט איז זיך כדאי אַ ביסל אָפּצושטעלן, ווייל ס׳זענען דאָך אויך געווען פאַלן פון טעאַטער־מענטשן, וועלכע האָבן אומדירעקט קאָלאַבאָרירט מיט די דייטשן (אין וואַרשע — מיטן א. ג. „13״ פון גאַנצווייכן; אין לאָדזש — מיט רומקאָווסקין). ס׳איז אויך באַוווּסט דער רוף, וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעלאָזט געוויסע קרייזן אין ווילנע קעגן דער אַרבעט פון דאָרטיקן טעאַטער: „אויף אַ בית־עולם שפּילט מען נישט קיין טעאַטער״ (זע — ד״ר מ. דוואָרזשעצקיס בוך וועגן חורבן ווילנע).

לאָמיר זיך אָפּשטעלן בקיצור אויף דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די ערשטע געטאָ־חדשים: אין וואַרשע איז אין אַ געוויסער צייט אויסגעוואַקסן דאָס געטאָ צו אַ האַלבמיליאָניקן יידישן צענטער — נישט געקוקט אויף די פאַר־לוסטן פון דער מלחמה, מאַסנווייזן טויט פון הונגער און עפּידעמיעס; צענדליקער טויזנטער אַנטלאָפענע אויף דער סאָוויעטישער זייט. דאָס איז געשען צוליבן אַריינ־נעמען פּליטים פון פאַרשידענע פּראָווינץ־שטעט, ליקווידירטע קליינע געטאָס, אויסלענדישע יידן. אין לאָדזש האָט זיך געשאַפן, אונטער רומקאָווסקיס הערשאַפט, אַ מין געשלאָסענער ריזיקער אַרבעט־לאַגער פאַר צענדליקער טויזנטער יידן; אין ווילנע — וואָס איז צום שפּעטסטן אַריינגעפאַלן אין די היטלעריסטישע נעגל — האָט ביז יוני 1941 געווירקט אַ יידיש מלוכה־טעאַטער, אַ מלוכהש יידיש מאַריאָנעטן־טעאַטער און אַ נעץ פון זעלבטעטיקייט־קרייזן. דאָס אַלץ האָט געזוכט פאַרשידענע וועגן אויסצולעבן זיך, איבערצולעבן, צו שטאַרקן זיך כדי איבער־צולעבן.

אמת — נישט אַלע וועגן זענען געווען כשרע. אין אַלגעמיין און אינעם טעאַ־טער. אין רינגעלבלום־אַרכיוו האָט זיך געפונען דער כתב־יד פון יאַנאַס טורקאָוו מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „וואַרשע ווײַלט זיך...״ האָבן מיר דאָרט אַ געטרייַ בילד פון אויפקום פונעם יידישן טעאַטער אין געטאָ וואַרשע. אַ טרויעריק בילד פון געפאַלנקייט און דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט טיילן יידישע אַק־טיאָרן. גלייכצייטיק אָבער — באַווייזן וועגן שטרעבן פון אַ טייל אַקטיאָרן צו עפּעס בעסערס און די ערשטע פּרווון צו דערגרייכן דאָס בעסערע.

אויב די ערשטע צייט זענען אַקטיאָרישע אויפטריטן פּאָרגעקומען אין פּרי־וואַטע שטובן פון אויפגעקומענע געטאָ־גבירים, ווו ס׳פלעגן געפּראַוועט ווערן סעודות (און צומאָל — אָרגיעס), האָבן זיך די שפּעטערדיקע אויפטריטן אַריבער־געטראָגן אין קאַפעען, אין אימפּראָוויזירטע טעאַטער־זאַלן. אויפגעטראָטן זענען דאָרט באַקאַנטע יידישע קינסטלערס: דיאַנאַ בלומענפעלד (די איינציקע קינסט־לערין, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון וואַרשעווער געטאָ), דוד זיידערמאַן, שמחה פּאָסטעל, דוד בירנבוים, ר. ראָזען־נייוירט, י. גרינשפּאַן, א. קינעלסקי. שפּעטער — אייזיק סאַמבערג, רעגינע צוקער, אידאַ ערוועסט, חנה לערנער. אָבער שוין אין דעצעמבער 1940 ווערט דערעפנט אַ טעאַטער אין אַ בודע, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אויפן אָרט פון אַמאָליקן „סקאַלאַ" (אויף דזשעלנע). די דירעקטאָרן — מאיר ווינדער און ש. ריבאַ און דער נאָמען — „עלדאָראַדאָ" (אַ גן־עדן אין געטאָ...). דער קינסטלערישער אָנפירער איז געווען אייזיק סאַמבערג, רעזשיסער — שלמה קאָטנער; אין אַנסאַמבל — אסתר גאָלדנבערג, יוכבד זילבערג, מאַקס ברין, אברהם קורץ, זשאַק לעווי, עוואַ שטאָקפעדער, שלמה קאַן, שמחה ראָזען, דוד בירנבוים, משה גאַרבאַזש. רעפּערטואַר? קיין נישט־יידישע מחברים האָט מען נישט גע־טאָרט שפּילן, האָט מען געבאַקן רעוויעס, געניצעוועט פּיעסן, אַבי — חי געלעבט. דאָס טעאַטער האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים און אַ קורצע צייט פאַר זיין ליקווידאַציע (בעתן אָנהייב פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אין יולי 1942), איז דאָרט אָנגעקומען דער באַגאַבטער רעזשיסער מאַקס וויסקינד פון ווילנע און גע־שאַפן אַ שיינע פאָרשטעלונג — לעאָ קאָברינס „דאָרפסיונג" — ווו ס׳האָט אויפגע־שיינט אַ יונגער טאַלאַנט, דער זון פונעם אַקטיאָרן־פּאָרל לערנער־זיידערמאַן.

ס׳האָט זיך אויך געשאַפן אַ צווייט יידיש טעאַטער — „ניי־אַזאַזעל", אָנגעפירט פון חיים סאַנדלער, מיט חנה לעווין, ראָזאַ גאַזעל, ראָ אַ סאַנדלער, דוד האַמבורגער, י. באַלבירסקי, יעקב ווינבערג, יוסף נייוירט, ראָזאַ הילסבערג (די איינציקע טאָכטער פון מרדכי הילסבערג, וועלכער איז געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד; זי איז אין געטאָ געוואָרן אַן אַקטריסע). ס׳איז שפּעטער צוגעקומען סאַמבערג, וועלכער האָט אויפגעפירט גאַנצע פּיעסן: שלום עליכם („דאָס גרויסע געווינס"), שלום אַש („גאָט פון נקמה"), אַנסקי („דער דיבוק") און אַ פאַריידישטן „קאָרגן". אויך אַ דריט טעאַטער האָט זיך געשאַפן — „מעלאָדי־פּאַלאַס" — מיט זיידערמאַן, חנה לערנער, פּאָסטעל.

קורץ פאַר דער ליקווידאַציע האָט אין זאַל פון דער „אַליינהילף" (דער יודאַיִס־טישער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע) געשפּילט יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלו־מענפעלד אין „פּרווידס טעאַריע פון חלומות" (פון צוואַידזשינסקי); קלאַראַ סע־גאַלאָוויטש האָט געשאַפן אַ „קונסט־ווינקל", פאַר וועלכן יהושע פּערלע האָט גע־שריבן אַ סאַטירישע קאָמעדיע וועגן קאָרופּציע און דער געטאָ־„אַריסטאָקראַטיע", אָבער דאָס איז שוין נישט באַוויזן געוואָרן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע.

אין לאָדזשער געטאָ איז געווען אַ וויינקער אינטענסיוו טעאַטער־לעבן. ס׳האָט זיך אויסגעדריקט בעיקר אין אויפפירן רעוויעס, ס׳רוב — אין אַרבעט־פּלעצער. דער געוועזענער „אַראַראַט"־אַקטיאָר, משה פּולאַווער, האָט אָרגאַניזירט אַ סטודיע, מיט אַזאַ מוזיקאַלישן אָנפירער ווי דער קאָמפּאָזיטאָר דוד בייגעלמאַן; טעקסטן

האָבן געשריבן דער הומאָריסט ש. יאַנאָווסקי, דיכטער א. יאַכימאָוויטש (ער און פּולאַווער האָבן זיך מיט ניסים געראַטעוועט). צווישן די אַקטיאָרן איז געווען: מאַניע פּעטערמאַן, אסתר בערגער. ס׳האָבן אויך געווירקט ש. ראָזענבלום, י. קאַ־לינסקי, א. קירשנבוים א״אַ.

אין טשענסטאָכאָווער געטאָ איז געווען אַ טעאַטער־פּרווו, דאַקעגן איז נישט געווען אַזאַ אינעם גרויסן ביאַליסטאָקער געטאָ, אין דער שטאָט פון רייכע יידישע טעאַטער־טראַדיציעס, ווייל דער „יודענעלטעסטער״, באַראַש, האָט דערצו נישט דערלאָזט.

וואָס שייך ווילנע, איז עס אַ קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס איז פאַרבונדן אויך מיט דער סאָוויעטישער תקופה פון ווילנע — ביז דער היטלער־אָקופּאַציע. אין דער סאָוויעטישער תקופה איז אין ווילנע געשאַפן געוואָרן אַ מלוכה־טעאַטער, בראש פון וועלכן ס׳איז געווען דער שרייבער דוד אומרו, ליטעראַרישער לייטער — דער דיכטער חיים גראַדע, צווישן די רעזשיסערן איז געווען מ. וויסקינד, צווישן די אַקטיאָרן. פּנחס זיגלבוים, צפּורה פיינזילבער, יוסף גליקסאָן, אברהם בערגאָלסקי מיט דער פרוי (אַלע — אַריבער פון ביאַליסטאָקער מלוכה־טעאַטער) און די אָר־טיקע אַקטיאָרן: דאָראַ רוביק, מוסיאַ קורץ, פראַניע ווינטער, די ליפּאָווסקי־פאַמי־ליע, שאַדאָווסקי, שבתאי בלעכער, ווינער, די פאַמיליע קאַרפּינאָוויטש און דער עיקר — לייב שריפּטזעצער. ס׳איז אויך צוגעקומען מאָריס לאַמפּע און נאָך אַקטיאָרן פון פוילן און ליטע. אַ טייל פון זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד; אַנדערע זענען פאַרבליבן אין געטאָ־טעאַטער, וווּ ס׳האָט אויך אָנגע־הויבן די יונגיטשקע חיהלע ראָזענטאַל. דאָס טעאַטער האָט דאָך דערפילט אַ וויכ־טיקע ראָל אינעם קולטור־אויסלעבן זיך אינעם געטאָ און — נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן קעגן טעאַטער — האָט עס זיך דערוואָרבן פּאָפּולערקייט און ליב־שאַפט.

ווי שטאַרק ס׳איז געווען דער דראַנג פון פּוילישע יידן צום טעאַטראַלן אויס־לעבן זיך, באַווייזט דער פאַקט, אַז אַפילו אין געוויסע היטלעריסטישע אַרבעט־און פאַרניכטונג־לאַגערס זענען פאָרגעקומען כמו־פאָרשטעלונגען: אייזיק סאַמ־בערג איז אַרויסגעטראָטן אין מיידאַנקער טויטן־לאַגער, אינעם „או סלענדער־באַ־ראַק״, מיט סצענקעס און רעציטאַציעס; דער לאָדזשער ליבהאָבער, ש. מאַיעוו־סקי, האָט אין די לאַגערס פון נידערשלעזיע געגעבן קאָנצערטן, אַפילו אָרגאַני־זירט יידישע פאָרשטעלונגען.

אין דער סאָוויעטישער תקופה האָבן אויף די געוועזענע פּוילישע געביטן עקזיסטירט נאָך אייניקע יידישע מלוכה־טעאַטערס (אַ חוץ ווילנע). אין לעמבערג און אין ביאַליסטאָק זענען געווען גרויסע מלוכה־טעאַטערס, וואָס האָבן באַשעפטיקט צו אַ פאַר צענדליק אַקטיאָרן פון פוילן און געמאַכט אינטערעסאַנטע אויפפירונ־גען. בראש פונעם לעמבערגער טעאַטער איז די ערשטע צייט געשטאַנען אידאַ קאַמינסקאַ; פון ביאַליסטאָקער — אַברהם מאָרעווסקי און נאָך אים: מאַקס נאָר־וויד, דער אַמאָליקער יונגער „ווילנער״ פון וואַרשע, וואָס איז אין צווישנצייט אויסגעוואַקסן אין ראַטן־פאַרבאַנד צו אַ באַדייטנדיקן רעזשיסער. אין די טעאַטערס האָבן זיך געפונען אַקטיאָרן פון פוילן: אידאַ קאַמינסקאַ, די משפּחה נאַטאַן, אייזיק

ראָטמאַן, מאיר מעלמאַן, יצחק קרעלמאַן, יעקב קורלענדער, יעקב פישער, זיסל גאָרליצקאַ מאַניעלע, העלאַ מעל, קאָסווינער, ריינגלאַס, גינצבערג, דוד האַרט, מ. מעסינגער, נתן מייסלער, פסח קערמאַן, ראַיע בעזמאַן און אַרטיקע אַקטיאָרן. דער סצענאָגראַף פריץ קליינמאַן, דער מוזיקער קאַרל גימפעל, דער רעזשיסער הענריק לופט א״א (לעמבערג); אברהם מאָרעווסקי, שמואל לאַנדוי, די משפחה ליפמאַן, הערש האַרט, אסתר פערלמאַן, עני ליטאַן, בערטאַ ווייסהאָף, ליזע שלאָסבערג, שיינע מרים, יצחק גרודבערג, חיים ניסנצווייג יהודה גרינהויז, שעפטל זאַק, מיכאל טרילינג, יוסף ווידעצקי, מיכאל קליין, ראובן זיגלבוים, מענדל ראַבין, דאָראַ פשעפיורקאַ, מתתיהו זאַק (בינע־לייטער), ווי אויך די גרופּע, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין ווילנע.

קלענערע טעאַטערס זענען געווען: דאָס ביאַליסטאָקער מיניאַטור־טעאַטער מיט דזשיגאַן־שומאַכער אין דער שפּיץ, וול. גאָדיק — קאָנפעראַנסיע משה בראָדערזאָן — ליטעראַרישער לייטער, שאול בערעזאָווסקי — מוזיקאַלישער לייטער און: ליאָליאַ פאָלמאַן, חיהלע שיפער, יואל בערגמאַן, שמעון אָסאָוויצקי, שמואל גאָלדשטיין, גרישע ראָטשטיין. מ. נודעלמאַן און דער לוסטיקער פעסימיסט, ווי מחברים. אין סלאָנים־באַראַנאָוויטשער טעאַטער זענען, צווישן אַנדערע, געווען: מאָריס לאַמפע, זלמן קאָלעשניקאָוו, רעניע גליקמאַן, גאַווא וואַי, אַדאָלף וואָלפשטאַט,, מרדכי הילסבערג (שפּעטער אַריבער אין ביאַליסטאָקער מלוכה־טעאַטער). ס׳איז געווען אַ טאַרנאָפּאָלער ראַיאָן־טעאַטער, מיט לעאָפּאָלד יונגווירט, חנן לעווענשטיין, סימי וויינשטאָק, לאה זילבערמאַן און אַקטיאָרן פון דער גאַליציאַנער פּראָווינץ; אין פינסק איז לכתחילה געווען אַן אָרטיק טעאַטער מיט דער משפחה כאַש און רוב אַקטיאָרן פון „יונג־טעאַטער״. די אַקטיאָרן פון „יונג־טעאַטער״ זענען אַלע פאַרשיקט געוואָרן בעת דער פּאַספּאָרטיזאַציע (גראָד ווי ס׳זענען פאַרשיקט געוואָרן דוד לעדערמאַן און אַנדערע; זישע קאַץ איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פון מורא פאַרשיקט צו ווערן) און די פאַמיליע כאַש (פון וועלכער ס׳האָט זיך געראַטעוועט איין כאַש־גראָדנער וואָס איז דאַן אַריבער אין אַ ווייסרוסישן טעאַטער) איז אומגעקומען ביי היטלערן.

פאַרשטייט זיך, אַז בעת דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה זענען זיך די אַלע טעאַטערס צעפאַלן; דזשיגאַן און שומאַכער זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די ענקאַוועדע־לאַגערס; אַקטיאָרן זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקייטן; צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער מיטל־אַזיע, אוראַל און סיביר. איין אַנסאַמבל האָט זיך אָבער געשאַפן פון זיי — אין פרונזע, דער הויפּטשטאָט פון קירגיזיע. ער איז באַשטאַנען פון „לעמבערגער״ און „ביאַליסטאָקער״. בראש איז געשטאַנען אידאַ קאַמינסקאַ. ווען זי איז מיט מ. מעלמאַנען אַוועק קיין מאָסקווע — האָט די אָנפירונג איבערגענומען שמחה נאַטאַן, די געשעפטפירונג — מתתיהו זאַק. אין אַנסאַמבל: עני ליטאַן, אסתר פערלמאַן, שעפטל זאַק, יעקב קורלענדער, יצחק קרעלמאַן, יצחק גרודבערג, זיסל גאָרליצקאַ, יעקב ריינגלאַס, רעניע גליקמאַן, דאָראַ פשעפיורקאַ. דער אַנסאַמבל האָט געשפּילט ביז דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן. ס׳האָט זיך אויך רעפּאַטרירט פון סאַמאַרקאַנד אַ גרופּע אַקטיאָרן אונטער דער אָנפירונג פון משה ליפמאַן. די גרופּע האָט זיך אין איר מערהייט באַזעצט אין

לאָדזש, וווּ משה ליפּמאַן האָט איבערגענומען די אָנפירונג פונעם טעאַטער (ביז זיין אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד), האָבנדיק אין אַנסאַמבל: עני ליטאַן, נאַטאַליאַ ליפּמאַן, אייזיק ראָטמאַן, גרישע ראָטשיין און ממתיהו זאַק (געשעפטספירערס), דוד לעדערמאַן, סאָניע שעפּטעל, קעטי עפּראָן, נתן וווּלפאָוויטש, שושנה זאַן, סיליק שטערנפעלד, מיכאל גרינשטיין, די פאַמיליע ביאַלקאָוויטש. ווען ס'זענען אָנגעקומען דזשיגאַן־שומאַכער (נאָך זייער באַפרייונג), האָבן זיי אויך געהאַט זייער באַזע אין לאָדזש און אַרומגעפאָרן מיט ראָזאַ ראַיסקאַ. נאָך ליפּמאַנס אַוועקפאָרן האָט דאָס אָנפירן מיטן לאָדזשער טעאַטער איבערגענומען אידאַ קאַמינסקאַ.

די צווייטע גרופּע האָט זיך אין דער מערהייט באַזעצט אין נידערשלעזיע, געשאַפן דאָס נידערשלעזישע יידישע טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון יצחק גרודבערג, שעפּטל זאַק און יעקב קורלענדער, מיט: אסתר פּערלמאַן, חיהלע ראָזנטאַל, רות קאָוואַלסקאַ, די פאַמיליע לאַטאָוויטש, געניע אַמזעל, יוסף ווידעצקי, חנן לעווענשטיין, שמעון אָסאָוויצקי, מיכאל קליין, משה שווייליך, אברהם בלאָט, יעקב סענדער; אַ געוויסע צייט — נתן מייסלער און ליובאַ סטאָליאַרסקאַ (אַריבער קיין לאָדזש, ווען אידאַ קאַמינסקאַ האָט איבערגענומען דאָרט דאָס טעאַטער), דאַן — פרידאַ שאַפער, שוראַ גרינהויז (נאָכן אַוועקפאָרן פון חיהלע ראָזנטאַל), רחל שפּאַן, מרדכי ספּעקטאָר. די ערשטע צייט — אויך מלך קאַרפּינאָוויטש.

נייערט ביז דער פאָרמירונג פון די צוויי אַנסאַמבלען, גלייך נאָך דער באַפרייונג, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ יידיש טעאַטער־לעבן אויף די נאָך רויכערנדיקע זיך חורבות פון יידישן פּוילן. די ערשטע הייבן אָן זייערע אַרויסטריטן: דיאַנאַ בלומענפעלד און יאָנאַס טורקאָוו (די געראַטעוועטע פון וואַרשעווער געטאָ) מיטן זינגער דידיאַ עפּשטיין (שוין סוף 1944). אָנהייב 1945 הייבן אָן אין דעם הרובן ביאַליסטאָק די געראַטעוועטע פון היטלעריסטישע לאַגערס זלמן קאָלעשניקאָוו און דאָראַ רובינאַ. זיי פירן אויף אַ רעוויו „אַ גוט יאָר אויף אייך" און קומען מיט דער רעוויו קיין לאָדזש. דאָרט שטייען צו צו זיי די געראַטעוועטע פון לאַגערס יונגיטשקע חיהלע ראָזנטאַל אַן קעטי עפּראָן (ביידע — פון ווילנער געטאָ), דער אַדמיניסטראַטאָר מלך קאַרפּינאָוויטש, און זיי פאָרן אַרויס מיט אַ פּראָגראַם איבער באַפרייטע שטעט פון פּוילן. זיי שאַפן זיך אַ באַזע אין נייעם יידישן יישוב פון נידערשלעזיע. אין ריכבאַך קומען צו זיי צו די געקומענע פון ראַטן־פאַרבאַנד שמחה נאַטאַן, יצחק קרעלמאַן, דאָראַ פּשעפּיורקאַ, שפּעטער אויך — רעניע גליקמאַן. מ'שפּילט: „דעם בלוטיקן שפּאַס" און „טביה דער מילכיקער" פון שלום־עליכם, „וווּ נעמט מען אַ מנין" — אַן אַקטועלע רעוויו. די טרופּע ווערט צעטיילט אין ביידע עקזיסטירנדיקע אַנסאַמבלען, אַ טייל פאָרט אַוועק קיין אויסלאַנד (שמחה נאַטאַן שטאַרבט אין 1946). אַזוי אַרום איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַר ביידע שפּעטערדיקע טעאַטערס — דעם נידערשלעזישן און דעם לאָדזשער. די ביידע האָבן געווירקט ביזן יאָר 1950 (דאָס נידערשלעזישע אונטער דער אָנפירונג פון יצחק גרודבערג און דאָס לאָדזשער — אונטער דער אָנפירונג פון אידאַ קאַמינסקאַ), ביז זיי זענען געוואָרן פאַריינִיקט אין יידישן מלוכה־טעאַטער אין פּוילן, אונטער דער אָנפירונג פון אידאַ קאַמינסקאַ.

דאָס שאַפן פונעם יידישן מלוכה־טעאַטער איז געוואָרן דערמעגלעכט אַ דאַנק

דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אַרום דעם טעאַטער נאָך דער באַפרייונג. די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי (דאַן האָבן נאָך עקזיסטירט כמעט אַלע יידישע פּאַרטייען אין פּוילן), האָט פּאַט־ראָנירט דעם טעאַטער. די פּרעסע איז געווען אַ געטרייער באַגלייטער פון אַלע זיינע פּרוּוון. וועגן טעאַטער האָבן געשריבן אין פאַרשידענע פעריאָדן: בערל מאַרק, דוד ספאַרד, יצחק יאָנאַסאָוויטש, מיכאל מירסקי, שמעון קאַנץ נחמן ראַפּפּ — אַלע פּאַרטייישע צייטונגען און כמעט די גאַנצע פּוילישע פּרעסע. ס׳זענען צו אים צוגעקומען אַזעלכע כוחות ווי דער רעזשיסער יעקב ראָטבוים, חבל בוזגאַן און רבקה שילער און לסוף — אברהם מאָרעווסקי. ס׳איז אויך צוגעקומען אַ יוגנט און ווען די מערהייט אַקטיאָרן פון יידישן מלוכה־טעאַטער איז עולה געווען קיין ישראל (אין יאָר 1957) איז ער ווידער קאָמפּלעטירט געוואָרן מיט רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד, מיט געקומענע פון פּוילישע טעאַטערס, יוגנט פון דראַמאַטישע שולן. אַזוי אַרום האָט דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער אין פּוילן (וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען פון דער „מאַמען״ אסתר רחל קאַמינסקאַ) געקאָנט ווייטער עקזיסטירן, מאַכן זיינע אויסלענדישע טורנעען און לעצטנס אַפילו — אַ דערפאָלגרייכן טורנע קיין אַמעריקע. ס׳העלפט דערצו די געזעלשאַפטלעכע זאָרג פאַרן טעאַטער, נייערט דער עיקר: די שאַפערישע טראַדיציעס פון איבער הונדערט יאָר יידיש טעאַטער אין פּוילן און באַזונדערס — פון די צוואַנציק יאָר יידיש טעאַטער צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער איז בלויז אַ שוואַכער אָפּשיין פונעם ברויזנדיקן יידישן טעאַטער־לעבן אין צווישן־מלחמהדיקן פּוילן. דערפאַר מוז מען מיט באַ־דויערן פעסטשטעלן, אַז — געווען אַ מאָל אַ יידיש טעאַטער, אַ גרויסער טעאַטער־פּלאַם אין יידישן פּוילן. היינט איז פאַרבליבן בלויז אַ שוואַכע האַלאָוועשקע פון דעם גרויסן פּלאַם.

# תיקון טעות

אינעם סעפּאַראַטן־אָפּדרוק „דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות", זענען — אַחוץ דער אָרטאָגראַפישער אַנדערשקייט אין געוויסע פּרטים און פעלערן אין די נקודות — אַריינגעפאַלן אַ צאָל בולטערע גרייזן. די פעלערן אין די נקודות וואָלט צופיל אָרט פאַרנומען צו פאַריכטן, מוזן מיר זיך שוין פאַרלאָזן אויף דער אינטעליגענץ פון לייענער (אַ שטייגער: אָנשטאָט לאַרעס דאַרף זיין לאָרעס, אָרלעסקאָ — אָרלעסקאַ, טעפּאָ — טעפּאַ, פעלער — פעלער, טרעפּלער — טרעפּלער און ענלעכע), אַז ער וועט זיי אַליין פאַריכטן. איז די בקשה צום לייענער די וויכטיקסטע פעלערן צו פאַריכטן אויך אויף אַזאַ אופן:

זייט 12 (328), דאַרף אין דער 21־טער שורה זיין „און צום מיינסטן" (אָנשטאָט „אום צום")
" 14 (330) " " " 15־טער שורה זיין „קרעאַציעס" (אָנשטאָט „קעראַציעס")
" 16 (332) " " " 7־טער שורה פון אונטן זיין: חנן לעווענשטיין (אָנשטאָט „חנוך")
" 18 (334) פעלט נאָך דער 16־טער — אַ גאַנצע שורה: „ש. לאַנדאו (קאַטאַריניאַזש), אידאַ קאַמינסקאַ (רויטע), זיגמונט טורקאָוו (פּריץ), מרים ווײַדע (חנהלע)."
" 19 (335) 12־טע שורה דאַרף זיין: „אומגעקומען ווי אַ פּאַרטיזאַנער" (אָנשטאָט: „ווי פּאַרטיזאַנער")
" 19 (335) 2־טע שורה פון אונטן: העגרי טאַרלאָ (אָנשטאָט „שאַרלאָ")
" 23 (339) 5־טע שורה פון אונטן: דורך איר אויפגעפירטס (אָנשטאָט „דורך אים")
" 27 (343) 4־טע שורה פון אויבן, דאַרף זיין: גינאַ קליין (אָנשטאָט „גינאַ גאָלד")
" 32 (348) 3־טע שורה פון אונטן: מ. וויסקינד (אָנשטאָט „א. וויסקינד")
" 34 (350) 13־טע שורה פון אויבן: „דיבוק"־פאָרשטעלונג (אָנשטאָט „דיבוק" — פאָר־שטעלונג)
" 36 (352) 13־טע שורה פון אונטן: א. וואָלפשטאַט (אָנשטאָט „י. וואָלפשטאַט")
" 38 (354) 14־טע שורה פון אויבן: סטרינדבערגס (אָנשטאָט „סטרידנבערגס")
" 39 (355) 1־טע שורה פון אויבן: שטערן", מיט רחל האָלצער (אָנשטאָט „שטערן", רחל)

## ביכער פון דעם זעלבן מחבר:

1) יידיש טעאַטער אין פּוילן — פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1951

2) די מאַמע אסתּר-רחל (ביאָגראַפישע דערציילונג) —
פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1953

3) סאָוויעטישע דראַמאַטורגיע (עסייען) — פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1955

4) וואַרשע, דאָס וויגעלע פון יידישן טעאַטער (עסייען) —
פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1956

5) וואַרשעווער פורים-שפּילער (היסטאָרישער ראָמאַן) —
פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1957

6) פּנימער און מאַסקעס (דערציילונגען און סקיצן) —
פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס-איירעס, 1960

7) אויף מיין וועג „שרייבער און קינסטלער" (דערמאָנונגען און אָפּשאַצונגען) —
פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס-איירעס, 1964

8) י. ל. פּרץ — דער וועקער (מאָנאָגראַפיע) — י. ל. פּרץ-פאַרלאַג, ישראל, 1965

9) שלום אַש דרך אין דער יידישער אייביקייט (מאָנאָגראַפיע) —
פאַרלאַג „בית שלום אַש", בת-ים, 1967